י. פאפיערניקאוו

# מיין שיר השירים

(לידער פון ליבשאַפט)



אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון יידישן פען־קלוב
אין ניו־יאָרק

פארלאג „ניי לעבן", תל־אביב 1953

# עטלעכע ווערטער

אין א צייט, ווען שנאה איז דאָס שטאַרקסטע, דאָס דאָמינירנ־דיקסטע געפיל אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — אין אזא צייט איז מיר אויסגעפאלן ארויסצוטראָגן פאר דער עפנטלעכקייט — דאָס שטילסטע, דאָס יונגסטע און אומשולדיקסטע ליד אין דער דיכטונג: דאָס ליבע־ליד.

„מיין שיר השירים" איז אָבער נישט קיין להכעיס־שפיל מיט דער אומפּאַטעטישער, פאַרווילדעוועטער צייט, הגם עס וואָלט געווען באַ־רעכטיקט אויך דער להכעיס.

דאָס ארויסגעבן איצט מיינע ליבע־לידער איז בלויז א צופאל, ווי דער צופאל מיט אלע מיינע פריערדיקע לידער־זאמלונגען, וואָס זענען קיינמאָל נישט געווען גינסטיק פאַר דער געגעבענער צייט, — ווי זי, די צייט, איז קיינמאָל נישט געווען גינסטיק פאַר זיי...

און אפשר איז שוין טאקע איצט די ריכטיקע צייט פאַר מיר „אויס־צוגעבן" אויך דאָס „מוזיניקל"? — כאָטש עס זענען, זאָגט מען, פאַ־ראַנען דיכטער (און אפשר בין איך איינער פון יענע?), וואָס בלייבן אייביק יונג, ווי יונג און ניי עס בלייבט די „אלטע געשיכטע" — די ליבע, און ווי יונג און ניי עס בלייבט דאָס אלטע ליד — דאָס ליבע־ליד — דער שיר השירים.

דער מחבר

# ראמאנטישע יארן

דעם ערשטן ליבע־ציטער און דעם ערשטן אומרו פון ליבע — האָט מיר פארשאפט א יונג ארבעטער־מיידל, איינע פון א גרויסער צאָל יונגע באזוכער און באזוכערינס פון ווארשעווער „ארבעטער־היים". ווי מיט א סך פון די אָפטע באזוכער אין „ארבעטער־היים" — בין איך אויך מיט דעם מיידל נישט געווען פערזענלעך באקאנט, נישט גערעדט נאָך מיט איר קיין וואָרט אויסגערעדט, נישט געהאט אויך גע־נוג דרייסטקייט צו געפינען א צוגאנג צו דעם טישל ביי וועלכן זי איז געזעסן אין געזעלשאפט פון נאָך ארבעטער־מיידלעך און יונגע בחורים, ארבעטער. פונדעסטוועגן — האָב איך זיך געפילט אומפארשטענדלעך גוט און געווען זייער צופרידן, פון בלויז זעען זי, און פון האָבן דאָס באוווסטזיין, אז זי געפינט זיך אין דער נאָענט פון מיר, אונטער איין דאך, און אויף די זעלבע ברעטער, וואָס איך.

געפעלן איז מיר דאָס מיידל, ווייל זי איז געווען דין, צארט און יונג־פרוילעך; געהאָט כמעט א קינדיש געזיכט מיט א קאָפּ ווייכע, טונקל־בלאָנדע האָר, מיט וועלכע דאָס מינדעסטע ווינטעלע האָט זיך געשפּילט און געהאלטן אין לייכטער אומאָרדענונג ארום די בלאָלעכע אויגן, וואָס זענען פול־געווען מיט ווארעמקייט און זון. אפילו אינעם גרעסטן באזוך, וואָס דעם קלוב איז אויסגעקומען צו האָבן, האָב איך זי כהרף־עין אויסגעפונען צווישן גרויסן עולם; זי דערזען, ווי א קאָרן־בלום צווישן זאנגען, און זי פארגליכן צו א מארגאריטקע. אזוי לאנג, ביז ס'איז געבליבן, אז זי הייסט ביי מיר „מארגאריטא". אונטערן נאָ־מען „מארגאריטא", האָב איך אויך אָנגעשריבן א הארץ־רייסנדיק ליד, צו וועלכן כ'האָב אליין געשאפן א מעלאָדיע און עס געזונגען פאר מיינע נאָענטסטע חברים, וואָס האָבן עס געטראָגן ווייטער, איבערגע־געבן עס פון מויל צו מויל און פון אויער צו אויער, ביז זיי האָבן עס געברענגט אויפן ריכטיקן אדרעס: צו מארגאריטען.

אַז מײַן ליד איז דערגאַנגען צו מאַרגאַריטען, האָב איך זיך דער־וווסט טאַקע פון איר אַלײן; זי האָט עס מיר מינדלעך נישט געזאָגט (ווײַל כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט גערעדט מיט איר), זי האָט בלויז, פאַרבײַגײענדיק פאַר מיר, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך פאַרויטלט, און געוואָרן נאָך שענער...

מײַן ליד צו מאַרגאַריטען, האָט נישט געהאָלפן זי דערנענטערן צו מיר און צו מאַכן זי הײמישער מיט מיר, פאַרקערט: זי האָט זיך אין מײַן אַנוועזנהײט אָנגעהויבן פילן, ווי אומזיכער און פאַרלוירן, נישט געקאָנט מיר קוקן גלײַך אין פּנים אַרײַן, נישט געפונען, וואָס צו זאָגן מיר, געהאַט פאַר מיר, ווי כ׳האָב עס אַרויסגעפילט. — גרויס פאַר־וווּנדערונג, נאַיווע פאַרערונג, און קײן טראָפּן ליבע נישט...

דער סוף פון דער דאָזיקער ליבע־געשיכטע איז אָבער געווען אַ סך אַן אומגליקלעכער, און זיך געענדיקט אַ סך שנעלער ווי כ׳האָב עס דערוואַרט. געשען איז עס צוליב אָט וואָס:

אויף אײנעם אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן אָוונט אין וועלכן איך האָב אָנטײל־גענומען, האָב איך פון דער בינע־אַראָפּ פּלוצלינג דער־זען מאַרגאַריטען צווישן גרויסן פאַרזאַמלטן עולם. אַז ס׳איז געקומען מײַן רײ צום פאָרלײענען מײַנע לידער, האָב איך אומגעריכט פאַר מיר און פאַר אַלעמען — אָנגעהויבן פּאַטעטיש צו דעקלאַמירן דאָס ליד „מאַרגאַריטאַ". די וואָס האָבן געוווּסט צו וועמען דאָס ליד איז געווענ־דעט, האָבן גענומען אויסדרײען די קעפּ אין איר זײַט, און איך האָב נאָך באַוויזן צו זען ווי פון דער בלאַער מאַרגאַריטקע איז געוואָרן אַ רויטע אָרכידעיע מיט אַן אַראָפּגעלאָזט קעפּל...

נאָכן דאָזיקן אָוונט, האָב איך זי אַ לענגערע צײַט נישט געזען אין „אַרבעטער־הײם", און אַז זי האָט ווידער אָנגעהויבן קומען, איז זי שטענדיק געווען אין באַגלײטונג פון אַ גרויסן צעוואַקסענעם בחור, פון וועמען זי איז אויף אַ מינוט נישט אָפּגעטרעטן, געהאַלטן אין אײן טוליען זיך צו אים, און — ס׳איז מיר קלאָר־געוואָרן, אַז מײַן האָפֿע־נונג צו געווינען זי אויף מײַן זײַט — איז צערונען־געוואָרן...

לאַנג זיך מצער־זײַן נאָך מאַרגאַריטען, איז מיר צום גליק, נישט אויסגעקומען, מחמת, כ׳האָב זיך אין אַ צײַט אַרום ווידער פאַרליבט

ווי מען זאָגט עס: איבער די אויערן, אָבער — אַ סך גליקלעכער ווי אין מיין ליבע צו מאַרגאַריטען.

צוליב מיין באַזונדערע שוואַכקייט צו בלאָנדינקעס, אין וועלכע כ'האָב זיך זייער לייכט און שנעל פאַרליבט — איז מיין צווייטע געליבטע אויך געווען אַ בלאָנדע, אַ העלע און א ליכטיקע, מיט אויגן, וואָס האָבן ווי קאָמעלעאָנען געביטן זייער פאַרב לויטן ליכט, וואָס איז אין זיי געפאַלן; געהאַט האָט זי אַ ליאַלקע־פּנים מיט חן־גריבעלעך; אַ גאָמבע ווי אַ מאַרעל; אַ שטאַרקע אויבערשטע רייע ציינער, וואָס האָבן ביים לאַכן אַ ביסל אַרויסגעשפּאַרט; דורשטיקע ליפּן, און אַ שטאַרקע זיגלעכקייט. פון די לעצטע צוויי אייגנשאַפטן אירע, איז געווען צו פאַרשטיין, אַז שווער איז מיר נישט אָנגעקומען זי קעגנזייטיק צו געווינען, און אָנשטאָט שרייבן איר לידער — אויסצולעבן מיט איר די שענסטע לידער אין פּאָעמעס — אויף דער שויס פון די אָטוואָצקער פּאַליאַנעס און סאָסנאָווע וועלדער, און אַפילו ביי איר אין דער אָטוואָצקער היים, ביים פרומען טאַטן אירן דעם רבין, וואָס איז אין אונטערשטן חדר געזעסן און געלערנט, בעת מיר, צוגעדעקטע ווי מיט א גרינע חופּה פון נאָדל־ביימער, האָבן אין שאָטן פונעם אויבערשטן וואַרענדע־צימער — זיך געליבט אויף וואָס די וועלט שטייט...

מען קאָן נישט זאָגן, אז טאַטע־מאַמע אירע האָבן פון אונדזער ליבע נישט געוווּסט. זיי האָבן, ווי איך האָב באַמערקט דאָן — געמאַכט זיך נישט זעען, און געהאָפט קאָן זיין, אַז אַ דאַנק מיר וועט אפשר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויפהערן דאָס יונגע געיעג פון דער כאָפּטע יונגלעך און יונגען, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום איר, און פאַרשעמט די אַנדערע צוויי עלטערע טעכטער, וואָס זענען נישט געווען אַזוי שיין ווי מיין „שלמית" און ווי זי — קיין נדנס נישט געהאַט...

ווי ביי מיין ליבע צו מאַרגאַריטען — האָט מיך אויך דאַסמאָל באַזיגט דער פּשוטער, רויער חומר, דער מאַטעריאַליזם: אַ צווייטער אַדאַראַטאָר אירער, א בעקער־ארבעטער, האָט זי ביי מיר צוגענומען נישט מיט קיין לידער, נאָר מיט ברויט...

פאַרן פאַראַט אירן אין וואָס זי איז ווי איך האָב איינגעזען — געווען גאַנץ אומשולדיק — האָב איך איר דעמאָלט מוחל־געווען, און

בין עס איר עד־היום מוחל, שוין בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט זיך אין דער געשיכטע פון מיינע ראָמאַנטישע יאָרן, איינגעשריבן מיטן ליכ־טיקסטן בלעטל.

איך נעם זיך נישט אונטער צו באַשרייבן אַלע מיינע ליבעס פון יענער צייט, ווען כ׳האָב אַפילו איין טאָג נישט געקאָנט אויסקומען אָן ליבע, און מורא־געהאַט, אַז כ׳וועל אָן צו זיין פאַרליבט — נישט האָבן פון וואָס צו שרייבן...

איך וויל נאָך דערמאָנען אָן אומגעוויינטלעכע ליבע, וואָס איך האָב נישט בדרך־הטבע — געפירט מיט צוויי שוועסטער. אַ צייט לאַנג האָב איך אַליין נישט געקאָנט זיך קלאָר־מאַכן וועמען פון די צוויי שוועסטער איך האָב ליבער, און צו וועלכער פון זיי איך ציל. יעדעס מאָל ווען מיר איז אונטער פיר אויגן אויסגעקומען צו זיין מיט איי־נער — האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט זען דער צווייטער, און מיטביידע צוזאַמען. האָב איך זיך אינגאַנצן פאַרלוירן און דערטרונקען־געוואָרן אין אַ סטושטשן ים פון געפילן. אויך ביי די צוויי שוועסטער איז מיין נישט גלייכגילטיקייט צו זיי, געווען אומקלאָר און נישט פאַר־שטענדלעך, און זיי האָבן ווי אָפּגערעדט צווישן זיך — נישט גערעדט מיט מיר אַ וואָרט וועגן דעם, און רואיק געוואַרט, אַז דער פלאַנטער זאָל זיך פון זיך אַליין אויפוויקלען...

אויב מיינס אָן אומגליקלעכע ליבע איז געווען פאַר מיר דאָס פאַר־צערט־ווערן פונעם אייגענעם פייער — איז מיין דאָפּל־ליבע געווען פאַר מיר ממש אַ גיהנום. אַ גליק נאָך, וואָס עס האָבן זיך ווי אין מיינע פריערדיקע ליבעס — אַריינגעמישט צוויי בחורים, און — מיט זייער חתונה־געהאַט, און מיך באַפרייט פון אַ פּראָבלעם, וואָס איך וואָלט קיינמאָל נישט געלעזן...

**י. פּאַפּיערניקאָוו**

דעם אייביקן אָנדענק
דער אומגעקומענער
אלישבע לעווקאָוויטש

# א

ווי אַ פאַרוווּנדעטער זעלבער פון שלאַכט־פעלד —
בין איך געקומען דיך בעטן אַ טרונק פון דיין ברונעם,
אַ ביסעלע אָפּרו ביי דיר אויף דיין זוניקער שוועל.

פון ווייטנס געזען ווי דיין הויז באָדט אין ליכט זיך,
און דיך — אין דער אָפענער טיר פון דערוואַרטונג,
געזען, ווי דיין עמער הענגט איבערן ברונעם,
און וואַרט, אַז מען זאָל אינדערטיף אים אַראָפּלאָזן —
בין איך דערגאַנגען אַהער — דיך צו בעטן
אַ טרונק, און אַן אָפּרו ביי דיר אויף דער שוועל.

## ב

ווען כ׳עפן באַגינען די אויגן, ווי לאָדן פון פענצטער,
איז ס׳ערשטע ליכט, וואָס פאַלט אין זיי אַריין —
דיין ליכט.

ווען דער שלאָף איז נאָך פון מיינע וויעס נישט אַראָפּגעפאַלן —
ביסט דו וואַך שוין, וואַך אין מיר.

מיין ערשטער געדאַנק, וואָס לויפט־אָן מיטן טאָג,
ווי אַ הירש קעגן זוניקן אויפגאַנג —
ביסט דו.

דאָס לעצטע וואָרט, וואָס פאַלט פון מיינע ליפּן,
ווי אַ פרוכט אין סאָד אין נאַכט אין שפּעטער,
איז: דיין נאָמען.

ג

דיין הויז ווו דו וווינסט, איז אַ ליכטיקע שיף
אויפן פינצטערן ים פון מיין אומעט־לאַנד...

כ׳ווייס נישט, צו וואָס פאַראַ ברעג זי וועט צו,
און צו וואָס פאַראַ האַפן — פאַראַנקערן...

ס׳הויז ווו דו וווינסט, איז אַ ליכטיקע שיף;
נעם מיך אויף, נעם מיך אויף,
לאָז מיך דינען אין איר!
לאָז מיך טראָגן די לאַסט,
לאָז מיך זיין דיין מאַטראָס,
לאָז מיך הייצן און היטן דאָס פייער אין איר...

כ׳האָב פאַר כוואַליעס קיין שרעק,
כ׳בין צו שטורעמס געוווינט,
וועט זי טרעבקען —
פאַרלאָז איך דער לעצטער די שיף...

## ד

כ׳קאָן דיין גאָרטן־טירל נישט געפינען אויף אַרויס,
כ׳בין אין דער געדיכטעניש — אין שפּין־געוועב — אַ פליג,
וויפל כ׳זאָל נישט זוכן, בלייב איך שטיין אַלץ פאַר דיין הויז,
קום אַזוי כסדר אויפן זעלבן אָרט צוריק.

ס׳נאַרט מיך יעדער בוים ביי דיר, ווי כ׳וואָלט געווען אין וואַלד,
ס׳לאָקט און ס׳ציט אין שאָטן, וו עס שמעקט מיט גרינעם מאָך,
און מיר דאַכט זיך, אַז איך זע דיך אין־דער־טיף, צעשטראַלט,
גיי איך, ווי עס גייט דיין הונט, נאָך דיינע שפּורן נאָך...

אפשר וואָלסטו מיך אַליין צום טירל צובאַגלייט
און געוויזן מיר דעם וועג, וואָס פירט פון דיר אַרויס ?!
ס׳האָט זיך ווי אין כישוף־קרייז מיין קאָפּ ביי דיר פאַרדרייט —
דריי איך זיך כסדר אָט אַזוי אַרום דיין הויז...

## ה

דאָס שיפל — אָפּגעבונדן — גרייט!
קום, זעץ דיך איין,
און איך — נאָך דיר,
צוויי רודערס — מיר,
צוויי רודערס — דיר,
צוזאַמען וועט אונדז גרינגער זיין,
ווי גרינג און לייכט עס פּאַלן רייד,
ווען ס'איז אַן אויער דאָ, וואָס הערט,
אַ האַרץ, וואָס פילט,
אַן אויג, וואָס טרערט,
אַ מויל, וואָס טרייסט דיך שטומערהייט
און פליסטרעט: מיין — — —
קום, זעץ דיך איין,
צוזאַמען וועט אונדז גרינגער זיין...

## ו

אין האַלבער נאַכט,
פאַרלאָז איך דאָס געלעגער פון דער האַרטער וואָר,
און לאָז אין חלום זיך אַוועק צו דיר,
צו דיין געצעלט,
וואָס פאָכעט ווי אַ טייבעלע א ווייס אַנטקעגן מיר,
און שווימט אין בלאָקייט, ווי אַ זעגל־שיף —
אין מיטן פון דער וועלט.

און גוט איז מיר ביי דיר —
ווייל אין אַ צעלט איז נישט פאַראַן קיין טיר,
און נישט קיין שוועל אויף אָפּקלאַפּן דעם שטויב; —
פאַראַן אַן עפענונג ווי אין אַ טויבנשלאַג,
און אין טויבן־שלאג, נאָר דו — די שטילע טויב,
וואָס שלאָגט מיט וואַרעמקייט
און — פירט מיך, נישט גערעדט,
מיט ציטערדיקער פרייד —
אויף אָפּרו, צו צום בעט,
און זאָגט מיר מיטן בליק
אומשולדיק, נישט געשעמט,
אַז: ס׳דאַרף קיין אמת גליק
אַפילו נישט קיין העמד...

## ז

איך וואָלט מיט פאַרבונדענע אויגן געטראָפן צו דיר —
אַזוי איז דער וועג מיר שוין באַקאַנט און וואַרעם באַקאַנט;
איך בין אַ פאַרליבטער נישט איינמאָל געגאַנגען אויף אים,
לונאַטיש, ווי עמעצער וואָלט מיך געפירט פאַר דער האַנט.

ווען כ׳וואָלט נישט דערזען דיך — דערקענט וואָלט איך דיך אָן דיין שטים,
ווען כ׳וואָלט נישט געהערט דיך, דאַן וואָלט איך דיך זיכער דערפילט,
ביסט די, וועמען איך האָב געשטאַלטיקט אין חלום ביי מיר,
און האָב ביז צו נאַקעטער וואָר, דיך איינגאַנצן אַנטהילט.

## ח

מײַן װעג צו דיר — דער לעצטער אויף די װעגן,
ס׳געצעלט דײַנס — ס׳לעצטע װאַרעמע געצעלט,
און דו — די לעצטע װעמען איך באַגעגן
בײַם סוף װעלט.

נאָך דיר, איז: ליידיקייט,
נאָך דיר, איז: חלול בלויז,
װי קאָן איך װײַטער גיין ?
װי קאָן איך גיין צוריק ? —
אַז כ׳האָב אין איינזאַמקייט
שוין לאַנג פאַרלאָזט דאָס הויז,
װו ס׳האָט אויף מיר געװאַרט א האָק, און אויפן האָק — א שטריק.

װי קאָן איך גיין צוריק
אַזאַ פאַרגאַנגען װעג ?
װי קאָן איך אָנהייבן
דערציילן פונעם סוף, —
פונװאַנען כ׳קום צו דיר
און ברענג דיר מײַנע טעג,
װי רעשטלעך פון א טרויעריקער שטומע סטאַדע שאָף.

מײַן װעג צו דיר — דער לעצטער אויף די װעגן,
ס׳געצעלט דײַנס — ס׳לעצטע װאַרעמע געצעלט,
און דו — די לעצטע װעמען איך באַגעגן
בײַם סוף װעלט.

װאַרשע, 1930

## ט

כ׳האָב ס׳לשון פארלוירן ביי דיר אין דיין הויז,
און — פארשטייסט מיך נישט מער...

און ווי דו — אזוי איך, אזוי אלע ווי איך,
ווען זיי זענען פארליבט —
איז א ציטער — מיין וואָרט,
זענען קלאנגען — די רייד,
און מיין שפּראַך איז געזאנג,
וואָס גייט אויף פון־דער־טיף,
ווו עס ריזלט מיין קוואל
און איז דורשטיק נאָך דיר.

כ׳האָב באטרונקען געוואָלט מיט מיין וואנזין, אויך דיך, —
ווי א רעגן אין תמוז — די פרוכטבארע ערד,
און ווען ס׳מויל מיינס איז שטום
און עס דונערט מיין הארץ —
זאָל דאָס לייב דיינס, דאָס באקעטע, בליצן פאר מיר,
ווי א פעלד אין א הייסן געוויטער ביינאכט,
און דיין אויג זאָל נישט קוקן אויף מיר אזוי גרויס
און צעשראָקן, ווי ס׳אויג ביי דער סארנע אין וואלד...

כ׳האָב ס׳לשון פארלוירן ביי דיר אין דיין הויז,
און — פארשטייסט מיך נישט מער.

י

אלץ וואָס דערמאָנט מיך אָן דיר — האָב איך ליב:
א קלאנג פון א שטים, אָדער פארב פון אַ קלייד
קאָן לייכט מיך גענאַרן, כ׳זאָל מיינען — ס׳איז דיין,
און פילן אַ יום־טובדיק וואַרעמע פרייד...

אלץ וואָס דערמאָנט מיך אָן דיר — האָב איך ליב:
דיר — ענלעכע, רופן מיין בענקשאפט אַרויס,
כ׳האָב ליב דיינע נאָנטע, אַפילו דיין הונט,
וואָס לאָזט מיך א בייזער נישט צו צו דיין הויז...

וואַרשע, 1931

## יא

כ׳האָב היינט אין גאס געזען אן ענלעכע צו דיר,
און ווי א שטיין אין וואסער — האָט א שלאָג־געטאָן אין מיר,
די שטילקייט האָט באַאומרואיקט צעוויגט זיך אין מיין בלוט,
און כ׳האָב דערפילט א היץ, ווי פון א פייערדיקער רוט.

און כ׳בין אליין נישט וויסנדיק ווי לאנג און ווי אזוי —
פון הינטן נאָכגעגאנגען נאָך דער אומבאקאנטער פרוי,
געגאנגען א געבונדענער נאָך אירע שוואנען־טריט,
און נאָכגעטראָגן שאָטנדיק דעם ציטער פון א ליד.

נאָר פלוצלינג, האָט זי אומגעריכט פאַר מיר, זיך אָפּגעשטעלט,
צו מיר זיך אויסגעדרייט, און מיט א בליק, ווי מען באפעלט —
א קוק־געטאָן אויף מיר אזוי, און — כ׳בין געבליבן שטיין,
ווי ס׳בלייבט אַ הונט, ווען ס׳לאָזט דער באַלעבאָס נאָך זיך נישט גיין...

כ׳האָב ווייט איר נאָכגעקוקט; געזען ווי זי פאַרשווינדט:
א וואָלקנדל א בלאָס, וואָס ווערט געטראָגן פונעם ווינט;
און כ׳האָב א גאנצן טאָג געזוכט וואָס, און געקלערט פון איר —
די שטאָלצע, מאיעסטעטישע, די ענלעכע צו דיר.

וואַרשע, 1932

## יב

ס׳ציט צו דיר דורך מדבר־וועג
א לאנגער קאראוואן פון מיינע טעג,
ווי קעמלען אָנגעלאָדענע מיט אוצרות לאסט פון ליבע; —

בענקשאפט פירט דעם צוג און רייט פאַראויס
און טראָגט דאָס האַרץ אַנטקעגן זון צעפלאַמט,
דער אומעט קוקט אין ליכט די אויגן אויס
און שאָטנט אויפן העלן ים פון זאמד.

דורשט ציט אויס דעם האַלדז, פאַררייסט דעם קאָפּ
און דרייט מיט אים און זוכט אין יעדער זייט,
די שטילקייט לאָזט זיך אויף די קני אראָפּ
און שיקט אוועק א תפילה אין־דער־ווייט.

ס׳ציט צו דיר דורך מדבר־וועג
אַ לאַנגער קאראוואן פון מיינע טעג,
ווי קעמלען אָנגעלאָדענע מיט אוצרות לאסט פון ליבע.

## יג.

ס׳איז ליידיק געוואָרן דער האַפן, ווען האָסט אים פאַרלאָזט,
א שיף נאָך אַ שיף האָט רעווע־געטאָן און אוועק,
און ווי צו בארואיקן האָט אויף מיר ווארעם געבלאָזט
א ווינטל א פרעמדס, אויפן ליידיק־געוואָרענעם ברעג...

די שטאָט הינטער מיר האָט ווי איך אין־דער־ווייט דיך באגלייט
מיט שויבן פון שקיעה צעפלאמט, ווי די אויגן ביי מיר,
באגלייט, און — געזען, ווי די זון א צעגליטע פארגייט,
פאַרגייט, און דיין שיף אין דער זון איז פארגאנגען מיט איר...

ווען ס׳האָט ווי אין רויך, מיך דער אָוונט פארנעפלט, פארבלאָט,
געהאַלדזט און אין טרויער געפירט פונעם האַפן צוריק,
געדאכט האָט זיך מיר, אז כ׳האָב ליידיק געפונען די שטאָט,
ווי הינטערן שונא׳ס פארברענטער, צעריסענער בריק...

## יד

צי דו ווילסט, אָדער, נישט —
ביסטו מיין, נישט באַצוווּנגענערהייט,
דו באַלעבסט מיך פֿון ווייט, —
כאָטש דער ים האַלט אונדז ביידן צעשיידט.

פֿונעם ווינט קעגן זון —
יאָגט דיין וואַרעמער אָטעם אויף מיר,
און אין ברי פֿון דער ערד —
פֿילט דאָס לייב מיינס, דיין הייסן באַריר.

צי דו ווילסט, אָדער, נישט —
זאָרגסטו ס׳זאָל מיר נישט זיין אַזוי שלעכט,
און באַוואַכסט מיינע טעג,
און באַשלאָפֿסט ווי אַ ווייב, מיינע נעכט.

און אין איינזאַמען גאַנג —
הער איך קלאַפּן דיין האַרץ אין מיין טראָט,
און איך זע דיך אַזוי,
ווי אַ הייליקער זעט אין אַלץ — גאָט.

## טו

ווייזט אויס, אז ביסט מיין לעצטע ליבע שוין אוודאי,
אזוי פלאַמט אויף אין לאָמפּ, צום אויסגיין שוין, דער קנויט,
ווייזט אויס, אז כ׳זינג דיר איצט מיין לעצטע סערענאַדע,
אויף וועלכער ס׳וועט נאָר ענטפערן די שטילקייט פונעם טויט.

אזוי ווי איצט אין מיר — גייט אויף אין שטורעם נאָר א שוים
אויף כוואַליעס אָנגעטראָגענע, זיך שלאָגן קאָפּ אָן ברעג;
אַזוי ווי איצט אין מיר — צעבליט זיך אומגעריכט אַ בוים
פון וועמען ס׳איז דער פרילינג, נישט צו קומען מער — אוועק.

מיין שיכרות איצט איז פונעם לעצטן ביסל ליבע־וויין,
וואָס רוישט, באַרוישט, און לייגט אַ לייב אַוועק אַפילו קראַנק;
אַ שריפה אָט ווי איצט אין מיר, קאָן נאָר אין שקיעה זיין,
און ס׳ליכט אין מיינע אויגן איצט, איז נאָר פון אונטערגאַנג.

ווייזט אויס, אז ביסט מיין לעצטע ליבע שוין אוודאי,
ווייזט אויס, אז כ׳זינג דיר איצט מיין לעצטע סערענאַדע.

וואַרשע, 1933

## טז

ביסט דורך דורך מיר,
ווי א ווינט דורך א וואלד,
און איבערגעלאָזט מיר —
א הארבסטיקן רויש,
און א גאָלדענעם אומעט
פון בלעטער, וואָס פאלן,
ווי אונטערגעשאָסענע פייגל פון בוים;
און איבערגעלאָזט מיר —
א בענקשאפט אזא,
וואָס לויפט אויף פאָראויס,
ווי א הונט לויפט אויף יאגד;
און א נעפל א בלאָען,
וואָס פאַלט ווי דער טוי,
און פארהויכט און באפערלט
מיט פייכטקייט — דאָס אויג.

תל־אביב, 1934

יז

ווייל כ׳טראַכט פֿון דיר און קוק דיך אויס
אין ליכט פֿון לאַנגע טעג אָן סוף —
באַווייזט דו זיך אין חלום בלויז,
און כ׳זע דיך יעדע נאַכט אין שלאָף.

און גוט איז מיר ביינאַכט דערפֿאַר,
כאָטש ס׳ווייזט דער חלום דיך, נישט קלאָר,
נאָר גרויסע ליבע מאַכט צו נאַר,
און כ׳מיין, אַז כ׳זע דיך אויף דער וואָר.

תל־אביב, 1939

## יח

וואָס ס׳איז געווען צווישן אונדז — איז געווען,
נאָר, קום מיר צו חלום און לאָמיך דיך זען,
זאָל זיין ווי אין נעפּל, פאַרווישט און נישט קלאָר,
אַזוי ווי געווען ביסטו אויך אויף דער וואָר;

כ׳וויל פילן דיין אָטעם, דיין ריח פון וואַלד;
כ׳וויל הערן דיין שטים, וואָס איז פול מיט פאַרלאַנג;
כ׳וויל כאַפּן דיין בליק, ווי דעם שטערן וואָס פאַלט
מיט אויפבליץ פון העלסטן און שנעלסטן פאַרגאַנג.

וואָס ס׳איז געווען צווישן אונדז — איז געווען,
נאָר, קום מיר צו חלום און לאָמיך דיך זען
זאָל זיין ווי אַמאָל, ווען איך האָב דיך ביים ראַנד
פון אָפּגרונט, נישט איינמאָל דערכאַפּט פאַר דער האַנט.

תל־אביב, 1941

## יט

האָסט פּלוצלינג אויפגעלעבט אין מיין זכרון,
און אין האַרץ — זיך אויפגעוועקט, דערוואַכט,
און מיר איז ליכטיק מיטאַמאָל געוואָרן,
ווי פון לעצטן זון־פאַרנויג, פאַרנאַכט.

ס'איז ליכטיק מיר געוואָרן, אָבער — באַנגיק,
ווי ס'איז יעדער אויפבליץ און פאַרגאַנג,
וואָס לאָזט נאָך זיך, אין האַרץ, א הונדערט־קלאַנגיק
נישט־פאַרענדיקט ליד — א לעבן־לאַנג.

## כ

װיפֿל װאַסערן — פֿון יענער צײַט שױן אָפּגעפֿלאָסן
װיפֿל טײַכן — שױן אַרײַנגעפֿאַלן אין די ים׳ען!
װיפֿל האָבן מענטשן, בלוט פֿון יענער צײַט פֿאַרגאָסן!
װיפֿל שטורעמס — בײמער אױסגעװאָרצלט מיט די שטאַמען!

װיפֿל, זענען איבער מיר פֿון דאַן פֿאַרגאַנגען זונען!
װיפֿל ספֿקות, װי די רױב־פֿײגל — מײַן האַרץ געפּרעסן?
װיפֿל, זענען נאָענטע — פֿון יענער צײַט אַנטרונען
אין פֿאַרגעסנקײט! און דיך? װי קאָן מען דיך פֿאַרגעסן!

ביסט מיט טױזנט װאַלד־ריחות אַרײַן מיר אין די בלוטן —
װען צו „פּאַן" האָט אונדז געבראַכט דער רוף פֿון פּאַסטעכס האָרן,
און כ׳דערמאָן און װעל דערמאָנען אײביק דיך צום גוטן,
װי ס׳איז גוט צו האָבן דיך אַפֿילו אין זכּרון.

װיפֿל צײַטן זענען צװישן אונדז שױן דורכגעגאַנגען,
װי די שװערע שלעפּ־שיפֿן באַלאָדענע מיט טרױער!
טרױער, װען אַפֿילו ס׳הערן זיך פֿון זײ געזאַנגען,
לידער, װי צו דיר דאָס ליד פֿון בענקשאַפֿט און באַדױער.

# אויפגעוועקט

האָסט אויפגעוועקט אין מיר די יוגנט פון דאָסניי,
און ווידער האָב איך ליב און בין פארליבט — אין דיר,
און כ׳האָב אויפסניי דערפילט דעם רייץ פון חודש מאַי,
כאָטש ס׳פייפן הארבסטיק־קאַלט די ווינטן הינטער מיר.

האָסט אויפגעוועקט אין מיר אזא פאַרשטומט געזאנג,
א ליד אזא, וואָס כ׳האָב שוין ווי פארגעסן באלד,
איצט וויגט עס זיך אין מיר מיט טויזנט גלעקער־קלאנג
און הילכט, ווי ס׳וואָלטן האָרנס, וועלדער דורכגעשאַלט.

האָסט אויפגעוועקט אין מיר, וואָס ס׳האָט שוין ווי פאַרבליט,
און ס׳איז געשען ביי מיר אַ וואונדער, ווי אַ נס:
אין ווינטער, אינעם פראָסטיקן, אויף מיין פאַרשנייט געמיט, —
צעבליט האָט זיך אַ בלאָער און פיאָלעטער בעז...

# אין א נאכט אזא...

אין א נאכט אזא —
א נאכט, ווען קרומע דעכער און דעכלעך
גלאנצן ווי זילבערנע טייכלעך אין חלום,
שפּיגלען זיך אָפּ מיט א בליאסק אין די שויבן,
וואָס קוקן לונאטיש ארויס צו די וועגן —
קוק איך אויס איינע, וואָס טראָגט אין די אויגן
היילונג צו קראנקען־געלעגערס
און — קומט נישט...

אין א נאכט אזא —
ווילט זיך מיר אָפּבינדן די שיפלעך
פון די שטומע, שווייגנדיקע ברעגעס פון צער,
און לאָזן זיי פארפולט מיט איינזאמקייט,
אויף די איינגעהאלטן שטומע וועלן
פון מיין פארחלשט געזאנג...

אין א נאכט אזא —
ווילט זיך מיר טונקען די פעדער
אין שטראליקן לבנה־ליכט,
און ווי א בלינדער — שרייבן מיט איר
אויף אלע געפאלענע שאָטנס
פון הייזלעך, לאמטערן אוןביימער,
דעם נאָמען פון דער ערשטער פרוי
פון גאָטס באשאף.

# צו איינער מיט דורשטיקע אויגן

הימלען שארלעך־רויטע פון סאַהאַראַס ווינטן,
ברענענדיקע זאמדן, ווי פארטריקנט הייסע גומענס,
וור־נישט־ווו — א ליידיקער געפלאצטער עמער, —
דאָס, דערמאָנען מיך די אויגן דיינע.

מיט אזעלכע אויגן — פירט מען קעמלען
מיט די העלדזער הויך פאריסן צו די ווייטן,
ווו זיי ציען, ציען אָן אן אויפהער,
קאראוואנען — טעג און נעכט דורך מדבר.

מיט אזעלכע אויגן — טרייבט מען אייזלען
פונעם דאָרף אין שטאָט, פון שטאָט — אין דאָרף —
באלאָדענע מיט שווערע לאָגלען וואסער,
און צעשריגענע פון ברענענדיקן דורשט.

מיט אזעלכע אויגן — גייען פרויען
באָרוועסע, הארט־ברוסטיקע און גלייכע,
מיט בראסליעטן אויף די הענט און פיס,
אַליין ווי קרוגן — מיט דער קרוג צום ברונעם.

נאָך אזעלכע אויגן פלעג איך נאָכגיין —
מויל און אויג און אויער, ברייט געעפנט,
ווי אין דער פאַרחלשטקייט און וויסטקייט
וואָלט א שלאָגנדיקער קוואַל מיך ווו גערופן.

# א בילד פון א מיידל

שלאנק, גראציעז און בויגזאם, — א בעריאָזע,
וואָס באוועגט זיך פונעם לינדסטן ווינט;
פילבאַר, לייכט און צארט, ווי א מימאָזע,
רייף — א פרוי שוין, און דערביי — נאָך קינד.

ווי פון סקולפּטאָרס האנט ארויס — איר קעפּל,
און די אויגן: גרויסע טייכלעך צוויי —
קלאָר און לויטער, ווי עס וואָלט קיין נעפּל
קיינמאָל נישט געהאָנגען איבער זיי...

און דאָס פּנים, ווי ביי א מאדאָננע —
שמייכלט, שמייכלט שטענדיק, גוט און זאַכט,
מיט דער רואיקייט פון א לבנה
איבער אלע וועגן פון דער נאכט.

רעדט זי — ציט זי פּערל אויף, אויף שנירלעך,
שווייגט זי — שטראַלט פון איר באהאלטן גאָלד,
וואָס איז ווארעם, זוניק, אומבארירלעך,
ווי דאָס בילד, וואָלט גאָט אליין געמאָלט.

ווארשע, 1939

## צו א פינפצן־יעריקער

ווען כ׳וואָלט געזאָגט דיר,
וואָס געוואָלט וואָלט איך דיר זאָגן,
דיר, א פינפצן־יעריקער, א קינד —
געדארפט וואָלט איך על חטא זיך שפּעטער שלאָגן
פאר דער זינד,
וואָס כ׳וואָלט באגאנגען קעגן דיר —
מיט בלויזע ווערטער פיר:
איך האָב דיך ליב;
עס וואָלט געווען, ווי זאָל איך עס דיר זאָגן?
ווי מען נעמט א רויז, נאָך נישט קיין רויז —
א קנאָספּע בלויז, —
גענומען און צענומען מיט די הענט,
און פאר דער צייט — געוועקט זי,
און געשענדט.

ווארשע, 1931

## ווער...

ווער קאָן עס זיין? ווער קאָן עס זיין?
ס'האָט עמעץ אָנגעקלאפּט
און — נישט אַריין.

איך האָב אליין געהערט
אין טיר דריי פינגער־קלעפּ,
דריי דינע קלעפּ, דערנאָך —
א לויפן פון די טרעפּ;
א שאָרוויק, ווייך געלויף,
און איילִיק ווי א פלי,
און פלאַטעריק אזוי,
ווי ס'קאָן נאָר זיין אַ „זי";

און כ'האָב אליין געהערט,
ווי אונטן, פארן הויז —
צעשיט זיך א געלעכטער
אין דער גאס ארויס,
דערנאָך — דערנאָך איז שטיל געוואָרן,
שטילער ווי געווען,
און כ'האָב זיך ווידער
טיפער, אין דער איינזאמקייט דער'זען,
באַאומרואיקט און ווי באליידיקט
ביז אומזיסטער פּיין,
פון טראַכטן בלויז:
ווער קאָן עס זיין? ווער קאָן עס זיין?
ווער האָט עס אָנגעקלאפּט
און — נישט אריין?

תל־אביב, 1935

# אויפגעהערט

כ׳האָב אויפגעהערט אין חלום דיך צו זען,
און שוין פארגעסן באלד ווי דו זעסט אויס;
דיין נאָמען בלויז דערמאָנט מיך ווען־נישט־ווען,
און שיילט ווי פון א נעפל דיך ארויס.

פארוואָס, פארוואָס באוויייזטו זיך שוין נישט
אין חלום כאָטש — אויב ווילסט נישט אויף־דער־וואָר?
כ׳האָב ליב דיך, ליב אויך זען אזוי פארווישט,
נישט קלאָר, ווי ס׳איז דאָס חלום׳ען נישט קלאָר.

באַאומרואיקט דערפאר מיך, א געדאנק,
און כ׳טראכט: ווער ווייסט, ווער ווייסט וואָס ס׳איז מיט דיר!
איך האָב דיך ווען פארגליכן צו א זאנג,
וואָס פאלן ווערט פון לייכטסטן ווינט־באריר.

דיין נאָמען בלויז דערמאָנט מיך ווען־נישט־וועז,
און שיילט ווי פון א נעפל דיך ארויס;
כ׳האָב אויפגעהערט אין חלום דיך צו זען,
און שוין פארגעסן באלד ווי דו זעסט אויס.

# ראמאנס

כ׳וועל זיך לאַנג נישט פאַרהאַלטן בײַ דיר,
האָסטו עפּעס צו פרעגן מיך — פרעג,
האָסטו עפּעס צו זאָגן מיר — זאָג,
כ׳בין אַרײַן, וועל אַרויס און — אַוועק.

ס׳האָט פאַרוואָלט זיך מיר זען ווי דו לעבסט,
און מיט וועמען דיך קניפּט און פאַרבינדט,
ווי בײַ מיר איז? בײַ מיר ווי געווען —
כ׳בין נאָך אַלץ ווי אַ וואָלקן אין ווינט.

כ׳האָב אַ סך פאַר דער צײַט שוין געליבט
און פאַרגעסן שוין אַלע פון לאַנג,
דיך נאָר אײנע געדענק איך ביז הײַנט,
ווי דעם העלסטן און שנעלסטן פאַרגאַנג.

איצטער בין איך בײַ דיר ווי אַ גאַסט,
וועלכער קומט, נישט געבעטענערהייט,
און ער וואַרט זאָלסט מכבד אים זײַן
מיט געציילטע, נאָר וואַרעמע רייד.

כ׳וועל זיך לאַנג נישט פאַרהאַלטן בײַ דיר,
האָסט נאָך עפּעס צו פרעגן מיך — פרעג,
האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן מיר — זאָג,
כ׳בין אַרײַן, וועל אַרויס און — אַוועק.

פּאַריז, 1937

## אירע אויגן

איבער מיינע אומעטיקע וועגן,
איבער מיינע לופט־שלעסער־רואינען, —
לייכטן אירע אויגן מיר אנטקעגן,
הימל־בלאָ, ווי שטערן פון באגינען;

לייכטן, פול מיט גוט׳ס און מיט באגערן —
זענען קאלט צו מיר די אויגן אירע,
און זיי פאלן ווי די מזל־שטערן,
נישט פאר מיר — פאר דעם, וואָס זינגט זיי שירה.

# דיין גאָרטן

## א

דיין גאָרטן איז יונג, און ס׳איז יונג, אַזוי יונג, אויך דיין סאָד,
און דאָרט ווו ס׳איז טאָליק און שאָטנדיק — ציט און עס לאָקט,
און דאָרט ווו כ׳הער קלאַפּן אַן עמער און ס׳קריפּען אַ ראָד —
איז ווייס איך פאַראַנען אַ ברונעם, אַ קוואַל, וואָס ער שלאָגט.

פאַרמאַך נישט דיין גאָרטן! לאָז אָפן דעם איינגאַנג פאַר מיר!
לאָז פריי מיר די סטעזשקע, וואָס פירט צו דיין ברונעם אין סאָד;
ס׳האָט טרינקען מיר אויסגעפעלט, בין איך געקומען צו דיר
מיט דורשט, וואָס פאַרברענט און איז עובר דעם שטרענגסטן פאַרבאָט.

## ב

ציטער נישט מיידל־קינד, אונטער מיין הייסן באַריר,
ווי ס׳ציטערט אַ טויב, און צאַפּלט אין האַנט פונעם שוחט;
רואיק זיי, רואיק און זיכער־זיין קאָנסטו ביי מיר,
כאָטש כ׳ציטער אַליין אין מיין הייסן באַגער צו דיר — אויכעט.

ציטער, איז אומשולד, וואָס פירט צו דער הייליקער זינד,
וואָס מ׳איז זי מכפּר — די הייליקייט נישט צו פאַרשוועכן;
פּירות, וואָס כ׳רייס מיט דער גלוסטונג, וואָס טרעפט אינדערבלינד —
זיי רייס איך אזוי, כ׳זאָל אין רייסן דעם בוים נישט צעברעכן.

## ג

מיין ליד צו דיר, איז נישט פאַר דיר, און קאָן דיר נישט געהערן,
ס'איז פאַר יענער, וואָס געוואָלט האָב איך זי זען אין דיר,
און האָב זי אויסגעטראַכט, לויט מיינע ווונטשן און באַגערן,
און דערביי — געזאַנג־פעדעם געוועבט צום לויב פאַר איר.

און דיר, פאַר דיין זיך אָנגעטרויען מיר — אַ דאַנק; אַ דאַנק דיר
פאַר דער פרייד און פאַר דעם גוטס, וואָס דו האָט מיר פאַרשאַפט;
אַ דאַנק דיר פאַרן איבערלאָזן לייב און בלוט־געזאַנג מיר,
לייב און בלוט־געזאַנג, וואָס האָט מיך ווען, צו דיר פאַרשקלאַפט.

תל־אביב, 1938

# אין דיינע פּיס־טריט

כאָטש איך האָב נישט פון מיין ליבע,
פון מיין גרויסער — מער ווי ליידן, —
איז מיר שווער, דיך נישט צו זוכן,
איז מיר שווער, דיך אויסצומיידן;

איז מיר שווער זיך אָפּצוזאָגן
פון מיין דינסט דיר פאַרצולייגן —
פאר א קוק אויף מיר, מיט דיינע
קלוגע, קלאָרע בלאָע אויגן;

פאר א וואָרט א גוט׳ס, א שמייכל
פון דיין פּנים פון דיין אָפּן,
פון א פּנים, וואָס מאכט גלויבן,
פון א פּנים, וואָס מאכט האָפן, —

ווייל ס׳איז זוניק; ווייל ס׳איז ווארעם;
ווייל ס׳האָט ליכט, און מיך — דעם שאָטן,
וואָס אין דיינע פיס־טריט, האָט ער
דיינע וועגן אויסגעטראָטן.

# ביי דיר אין סאַד

ווי לאַנג איך בין ביי דיר אין סאַד,
און האָב אין אים די פּירות נישט פאַרזוכט, —
ווייל כ׳האָב דיך ליב מיט יענער גרויסער ליבע,
וואָס מאַכט ציטערן די האַנט,
ווייל אירע פינגער־שפּיצן בריען
פון דער דינסטער, וואַרעמסטער באַרירונג מיט אַ צווייגעלע,
צי מיט אַ בלעטעלע, וואָס דעקט די פרוכט דיין צו.

ווי לאַנג איך בין ביי דיר אין סאַד,
און האָב אין אים די פּירות נישט פאַרזוכט;
איך שייל זיי, עס און טרינק זיי מיט די אויגן,
נאָר איך וואָג פאַר ליבע נישט אַ ריס־טאָן זיי פון בוים, —
ווייל אונטער אַלע ביימער פיל איך דיך,
און זע די אויגן דיינע — אויסבאַהאַלטן,
ווי די הימל־בלאָקייט דורך די צווייגן.

וואָלט איך זיין בלויז אַ פאַרבייגייער, אַ פרעמדער, —
וואָלט איך הפקר זיך אַריינגעכאַפּט אין סאַד,
און אפשר, נאָך פון יענער זייט פון פּלויט —
אַ צי־געטאָן אַ פולע צווייג צו זיך,
געמאכט זי אונטערטעניק ביז צום ברעכן זיך,
און אָט אַזוי, אין פולער גלוסטעניש —
אַ ריס־געטאָן אַ פּרי מיטן טוי,
און איינגעביסן זיך אין איר ביז בלוט...
נאָר, כ׳האָב דיך ליב מיט יענער גרויסער ליבע,
וואָס מאַכט הייליק, אומבאַרירלעך הייליק.

# די נאַכט אַליין...

ס׳האָט די נאַכט אַליין געדורשט, אַליין געגלוסט,
און ווי פּאַר גלוסטונג — די לבנה אָפּגעדעקט
אַ רונדע און אַ פולע, ווי אַ ברוסט,
און ווי אין גלוסטונג — זילבער־בלאָ און העל
ווי אין אַ נאַכט־העמד — צוגעזעצט זיך אויף דער שוועל
פון מיין צעפּראַלטער טיר,
און זיך געפרעגט, געפרעגט אויף דיר,
און לאַנגזאַם, אין איר דורכזיכטיק געהיל, —
אריין אין שטוב צו מיר,
געזעצט זיך אויף מיין דיל,
צעלייגט זיך אויף מיין בעט,
געגאַרט ווי איך,
געוואַרט ווי איך
ביז שפּעט,
דערנאָך — אַרויס, ווי אָן אַ גוטע נאַכט,
און קיל — די טיר מיינע, נאָך זיך פאַרמאַכט.



כ׳האָב זיך נישט אויף וואָס צו קלאָגן .
נאָך דיין צומאַכן מיין טיר ;
האָסט די לאָמפּ אַרויסגעטראָגן,
און דאָס ליכט — געלאָזט ביי מיר...

איז מיר גוט אַזוי צו זיצן
אין־דער־פינצטער ביי דיין ליכט,
און בדמיון, דין פאַרשניצן
יעדן שטריך פון דיין געזיכט ;

און נישט לאָזן גיין פאַרלוירן
דיינס אַ ציטער, דיינס אַ קלאַנג,
וואָס האָט זיס געמאַכט מיך טרויערן,
ווי די זון, ביי אונטערגאנג.

כ׳האָב זיך נישט אויף וואָס צו קלאָגן
נאָך דיין צומאַכן מיין טיר ;
האָסט די לאָמפּ אַרויסגעטראָגן
און דאָס ליכט — געלאָזט ביי מיר...

תל־אביב, 1939

# פּרעלודיע

האַקט מען וועלדער, זעגט מען, שניידט מען —
זעט מען נישט דער שענסטער רויז.
האַקט מען וועלדער — ליידט מען,
ליידט מען — מיידט מען
דער געליבטערס הויז.

פאַלןביימער — פאַלן ביימלעך,
ווערט אומהיימלעך,
ליידיק, באַנג,
איז נישטאָ אין וואַלד קיין פויגל,
וואָס זאָל זינגען סתם־געזאַנג.

אויס! — געזאַנג, לשם געזאַנג,
אויס! — מיט זינגען מזמר שיר,
ס'לאָזט זיך נישט אין אונטערגאַנג
זינגען שיר־השירים דיר.

שיר־השירים דיר פון שלומה'ן,
וואָס ער איז דיר אומבאַקאַנט,
מיט די בענקשאַפטן און טרוימען
זייבע, פון זיין דיכטער־לאַנד.

# צו איינער מיט גראָע האָר

לאה׳ען

## א.

אַ פּרויען־קעפּל מיט אַ פּאַטלע גראָע האָר, ווי שניי
אויף שוואַרצער ערד, וואָס קוקט נאָך שוואַרץ אַפּער פון ווייסן שיכט.
צוויי סאַרנע־אויגן, פול מיט איינגעהאַלטן ברען אין זיי,
א קינדיש פּנים, נאָר א מאט, ווי אונטער מאטע ליכט.

אָט אַזוי, האָב איך פאַר זיך סקיצירט בלויז איר פּאָרטרעט,
סקיצירט מיט וואָרט אין שריפט, מיט פערז מיט ריטמישן און קלאַנג —
אַ בילד אַ גרויס, פאַר יעדן מאָלער, סקולפּטאָר און פּאָעט:
א גראָע פרוי, וואָס איז אי ווייב, אי ווײַן, און אויך געזאַנג.

## ב

ביסט שענער פון שיין —
אָט אַזוי ווי דו ביסט,
מיט דער גראָקייט דער פריער,
וואָס ליגט אויף דיין קאָפּ,
ווי ס'ליגט אויף א באַרג־שפּיץ דער אייביקער שניי,
און זילבערט אַראָפּ —
ווען אונטן, צופיסנס, אין גאָלד און אין גרין —
איז דאָס לעבן נאָך יונג,
האָט עס זון, האָט עס זין;
האָט דאָס לעבן נאָך רייץ
און פאַרלאַנג און באַגער:
צו נעמען וואָס מער, און צו געבן וואָס מער.

## ג.

נישט שטענדיק איז דאָס גראָ־זיין, סימן אַלט.
עס טרעפט — אַ שניי אין מיטן זומער פֿאַלט,
און ס׳טרעפט, אַז ווינטער, אומגעריכט אַזוי, —
דערזעט מען עפּעס בליִען אויפֿן שניי.

איך מיין עס קעגן דיינע גראָע האָר,
וואָס זענען מיר באַקאַנט שוין לאַנגע יאָר,
ביסט גראָ שוין אפשר פֿון געבוירן אָן,
אַ וווּנדער אויך אַזאַ־מין טרעפֿן קאָן.

נישט שטענדיק איז דאָס גראָ־זיין, סימן אַלט.
די גראָקייט דיינע, לאָזט מיך ווייט נישט קאַלט,
עס שלאָגט מיט וואַרעמקייט אַרויס פֿון דיר
אַזוינס, וואָס רעגט צו לייבלעכן באַריר.

זיי מוחל מיר, מיין זינדיקן געדאַנק,
וואָס איז דאָס קינד מיינס, ס׳קינד פֿון מיין געזאַנג, —
געזאַנג צו דיר, וואָס האָסט שוין גראָע האָר,
און זעסט נאָך אויס — אַ חלום אויף דער וואָר.

תל־אביב, 1941



אויב ס׳איז עפּעס נאָך פאַראַן
אַזוינס, וואָס זאָל מיר זיין כדאי, —
ביסט דו, ביסט דו די איינציקע
פאַר וועמען איך בין גרייט צו גיין אין שפּאַן,
און זיין דיין קנעכט —
באַזינגענדיק די פריי.

ביסט דו, ביסט דו די הייליקייט,
צו וועלכער כ׳וואָלט אַ גאָטלאָזער געדינט,
מיט לויב פאַר יעדע ערדיש ביסל פרייד,
און מיט געבעט פאַר יעדער קלענסטער זינד.

תל־אביב, 1948

# ווייל...

## א

ווייל ס׳שמעקט פון דיר מיט וואָרעם ערד, מיט פעלד־ריח און וואַלד;
ווייל ס׳שלאָגט פון דיר מיט דורשט און אויך מיט קוואַל, וואָס שטיין
פאַרהאַלט —
באַגער איך דיך מיט הונגער, ווי צו וואָרעם ווייצן ברויט
מיט קימל, וואָס כ׳בין גרייט אפילו עסן זאטערהייט.

ווייל ס׳ציט מיך צו דער פשטות, ווי צו אייגן שטאָם און שיכט;
ווייל ס׳בענקט זיך מיר, צו זען פאַר זיך אַן אָפן, קלאָר געזיכט, —
באַגער איך דיך, און ס׳איז מיר גוט, ווי זעלטן גוט — מיט דיר,
ווי ס׳וואָלט דיין שויס, די שויס פון דער נאַטור, געוועזן מיר.

## ב

מיר האָבן די זריעה־צייט לאַנג שוין פאַרשפּעטיקט
נאָר, נאָכנישט אינגאַנצן,
מען קאָן דעם שפּעט־זומער דעריאָגן נאָך מיידל,
און עפּעס פאַרפלאַנצן.

עס קאָן פאַרן פענצטער פאַר אונדזער, נאָך אויפגיין
אַ בוים אַ צעגרינטער
באַלאָדן מיט פרוכט, וואָס געשניטן ווערט, זומער —
צו האָבן אויף ווינטער.

מיר קאָנען נאָך אַקערן, זייען און שניידן
דעם אויפקום דעם שפּעטן,
מיר דאַרפן נאָר וועלן, אַז נאָך אונדז, זאָל לייבלעכס —
אין פעלד אונדז פאַרטרעטן.

### ג.

לאָמיך דיך אַרויספירן צום שיידוועג,
צריק וועל איך אליין שוין גיין מיין ליידוועג,
וועלכן כ׳האָב אַ לעבן אויסגעטראָטן,
אומבאַמערקט און זייטיק, ווי אין שאָטן.

גיי, און זאָל זיך דורכגיין דיר בשלום!
ס׳גייט מיט דיר אַוועק פון מיר אַ חלום,
וואָס צערינט און לאָזט אויף לאַנגע יאָרן
באַנגס און האַרציק וואַרעמס — לזכרון.

זאָל צו דיר דער גורל מילדער ווערן,
און אין ליכט פון העלסטן מזל־שטערן —
פירן מיטן שיידוועג דיך צום פריידוועג.
צריק, וועל איך אַליין שוין גיין מיין ליידוועג.

תל־אביב, 1944

# לזכרון

מער פון זינגען וועגן ליבע, קאָן איך — ליבן.
כ'האָב פאַרברענט מיט ליבע, מיינע יוגנט־יאָרן;
זיי זשע אויכעט דו אצינד ביי מיר פארשריבן
מיט א בלעטל שיר־השירים — לזכרון.

ס'איז מיין בוך פון ליבע פול מיט צער און ווייען,
וואָס אַ יעדע גרויסע ליבע מוז פאַרשאַפן, —
ווען מען מוז די קערנער אירע, הפקר זייען
אויפן ווינט, און גערן זיך צו איר פאַרשקלאַפן.

גיי־זשע אויכעט דו, ווי ס'זענען ווען געגאנגען
אלע די, וואָס האָבן ווען מיין שוועל באטראָטן —
בלויז צו הערן דאָס געזאַנג פון די געזאַנגען,
וואָס כ'פלעג זינגען מיין שלמית'ן — פון שאָטן.

גיי, און זאָל דער וועג, צוריק פון מיר — דיר לייכט־זיין!
האָסט גענוג זיך מיר מיט ליבע, אָפּגעגעבן;
כ'בין געוווינט, אז מיינע אויגן זאָלן פייכט־זיין
פון אַ בענקשאַפט פון אַן אייביקער, אין לעבן.

כ'בין געוווינט, געוווינט צו שיידונגען צו שבעלע,
צו געזעגענונגען טרויעריקע, זיסע,
ווי די זון־פאַרגענג די ליכטיקע און העלע,
וואָס אַנטפּלעקן זייער שיינקייט, ערשט ביי גסיסה...

# צו איינער א ברוי

דעם אַנדענק — קאַנעלי'ן

## א

איך שטיי פאַר דיר, ווי פאַר אַ ליכטיק ווונדער.
כ'שטיי פאַר דיר, ווי פאַר א טיפן קוואל,
וואָס שלאָגט צווישן בערג,
און ווערט אין גרעסטער היץ נישט אויסגעטרוקנט,
און פון פאלבדיקע שטיינער נישט פארשאַטן.

אז איך הער דיך רעדן —
הער איך די מוזיק פון קוואל־געפּרעפּל,
וואָס איז לויפיק, אייליק און קרישטאָל־ריין,
ווי א שפּיגל אונטער קלאָרן הימל.

אז איך הער דיך —
בלייב איך שטיין פאַר דיר,
ווי כ'וואָלט פארגעסן דאן נאָך וואָס איך בין געקומען —
כאָטש אוועק בין איך צו דיר, א דורשטיקער,
ווי צו א קוואל, וואָס כ'האָב פון ווייט דערהערט,
און — כ'שטיי פאר דיר, ווי פאר א ליכטיק ווונדער.

תל־אביב, 1945

## ב.

עס ווייעט פון איר נאָך מיט יונגקייט
פון פרילינגס, וואָס זענען פאַרגאנגען,
מיט וואַרעמע ווינטעלעך לינדע,
וואָס האָבן צעשאָטן דעם צוויט;
מיט בליעכץ, וואָס האָט איבער פלויטן אריבערגעבליט,
און מיט ענדלאָזע גאָלדענע פעלדער מיט זאנגען,
וואָס וויגן זיך שכור פון וואקסן צום שניט...

עס ציטערט פון איר נאָך דער גאָלדענער אָפּהילך
פון לאנג־שוין־פארשוויגענע פרילינגס־מוזיק,
פון שוואלבן־געצוויטשער,
פון פייגל־געזאנג,
און דער ריטם פון גליק
פון אַ לעבן, וואָס איז נישט געוועזן געצוימט
און — אריבערגערונען, אריבערגעשוימט,
ווי א בעכער מיט שכרות־געטראנק...

און עס אָטעמט נאָך, אָטעמט פון איר —
מיט הייסן באגער און פארלאנג,
און מיט פאַרביקער, ליכטיקער טרויעריקייט
פון א רייכן פארגאנג.

תל־אביב, 1946

ג.

כ׳האָב ערשט נעכטן באַזונגען
איר קוואַליקן כוח פון לעבן,
וואָס האָט זיך פון טיפן געריסן,
וואָס האָט זיך צו הייכן געשלאָגן —
מיט ים זיך צוזאַמענצוגיסן,
מיט כוואַליעס אין לויף זיך צו טראָגן, —
אין אייביקן דורשט — צו דערכאַפּן,
אין אייביקן דורשט — צו דעריאָגן.

זי איז נעכטן געווען דאָס געזאַנג מיינס
פון נס און פון ווונדער,
און היינט איז זי ס׳ליד פון באַדויער,
און היינט איז זי ס׳ליד פונעם טרויער
און צער, וואָס עס האָט זיך אַ שפּרודליק לעבן —
דעם טויט — בידים זיך איבערגעגעבן.

תל־אביב, 1948

## צו . . .

### א

ווי ס'פירן אלע וועגן אויף געהייליקט־ווערן:
קיין ירושלים, מעקקא אָדער רוים —
אזוי־אָ פירט דורך חלום און דורך טרוים —
מיין יעדער וועג צו דיר:
זיך אָנצונעמען מיטן זיסן ציטער
פון דיין הייליקן באריר,
און מיט דער העלער אויסשטראלונג,
וואָס שלאָגט מיט גוטס און ווארעמקייט פון דיר.

## ב

דאָס ברענג איך דיר פון סאָד מיינעם די ערשטע פרוכט פון האַיאָר:
געזאַנגען אויפגעגאַנגענע ארום דיין בלאָען פייער,
וואָס האָט ווי מיט א ווונדערלעכער ליכט אַן אומגעריכטער —
אַרומגענומען מיך, דעם לאַנג שוין נישט געליבטן דיכטער.

דאָס ברענג איך דיר פון סאָד מיינעם די פרוכט פון דאנק און לויבונג:
געזאַנגען אויפגעגאַנגענע אין הייליקער דערהויבונג
פון טרינקען דאָס געטראַנק דיינס — ביז באַטרונקענער פארלירונג,
ווי כ׳וואָלט אָן לייב דיינעם געפילט די געטלעכע באַרירונג.

## ג

עס שמייכלט פונעם טישל מיר, דיין האַרציקע מתּנה:
דער ברוינער, ווייס־געפּלעקטער מיניאַטור פון אַ וואַזאַנע,
מיט בלימעלעך, וואָס האָסט מיט ליבע זיי פאַר מיר געריסן
אינדרויסן פאַר דיין פענצטער, וווּ זיי וואַקסן דיר צופוסנס.
דיין חנ׳עוודיק וואַזאַניקל, ווי זאָל איך עס דיר זאָגן ?! —
האָט כשוף אין מיין אָרעם דאַך־שטיבל אריינגעטראָגן;
געמאַכט עס שענער, ווארעמער; געמאַכט עס ריין פון שימל,
ווי אויפגעהויבן דעם סופיט מיר פונעם קאָפּ — צום הימל;
צערוקט די אָפּגעשיילטע ענגע ווענטלעך — אויף צום שטערנען!
ווי כ׳וואָלט א שלאָס אַ ליכטיקן אַ שלאָס, אליין באַוווינען,
אַליין, נאָר נישט אין איינזאַמקייט; נישט גראָ און מאָנאָטאָניק —
דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דיין געשאַנק מיר, דיין וואַזאַניק
מיט בלימעלעך מיט העלע, ווי די לייכטנדיקע שטערן,
וואָס וואַרעמען און זאָגן צו, אַז ס׳וועט נאָך בעסער ווערן.

ד

שוין לאנג, צוריק מיט פינף און צוואנציק פרילינגס,
ווען דער מאן אין מיר איז צייטיק, רייף געוואָרן,
און זיך אויסגעשטאנען ווי א יונגער ווייַן אין קעלטער,
אויסגעשטאנען, מיט דער ערשטער גלוסטונג דער צעהעלטער,
ווי מיט אָנגעלאָדנקייט פון ווייץ און קאָרן
ערב ערשטן שניט: —
נאָך דאן, צוריק מיט פינף און צוואנציק פרילינגס,
ווען מיט ערשטע מענערישע טריט,
וואָס האָבן אונטער זיך די ערד פארגוואלטיקט, —
האָב איך אין באגער נאָך אויסלאָדונג —
דיך אויסגעטראכט, דיך אויסגעחלומט און געשטאלטיקט
אָט אזא, ווי כ'זע דיך איצט,
מיט פינף און צוואנציק פרילינגס שפעטער —
שפילן זיך מיט מיינע גראָע האָר,
ווי קינדער שפילן זיך מיט הארבסטיק גאָלד פון בלעטער.

## ה

דאָס גיי איך איצט פון איר,
פון דער, וואָס איך פאַרהיילִיק און פאַרגעטער, —
גיי איך עס אזא צעזונגענער,
אזא צעכראסטעטער אין נאכט אין שפעטער, —
ווי געגאנגען וואָלט איך פון א משתה,
וו די נאכט אליין האָט אויך געטרונקען,
און זי ווארפט זיך שכור אויפן האלדז מיר,
שכור, און אַ שעלמישע צעווונקען
מיט א פאלנדיקן הימל פול מיט שטערן —
איבער מיר און איבער גאסן קרומע,
איבער וואקלענדיקע הייזער און לאמטערן,
וואָס כ'וואָלט אלע זיי ארומגענומען,
און מיט פרייד ביז טרערן —
זיך געקושט מיט זיי אין נאכט אין שפעטער,
און דערציילט פאַר זיי, אַז כ'גיי פון איר,
פון דער, וואָס איך פאַרהיילִיק און פאַרגעטער.

## ו

איך האָב זיך יענער נאכט אויף דיר געריכט,
און האָב ווי צו א יום־טוב זיך געגרייט:
געצונדן, וויפל כ׳האָב געהאט נאָר ליכט,
זיך אָנגעטאָן אין בעסטן, שענסטן קלייד;

געדעקט דעם טיש דעם נאקעטן, מיט ווײַן,
געדעקט פאר צווייען אויף מיין איינזאם בעט,
געמײנט, אָט קלאפסטו אָן און קומסט אַרײַן,
דיך אויסגעקוקט, געווארט, געווארט ביז שפעט.

גענארט פון הערן יעדנס פרעמדע טריט —
דערוואַרט דיך האָבן פּונקט ווי איך — די ווענט,
די טיר, דער דיל און אויכעט דער סופיט, —
געווארט, ביז ליכט נאָך ליכט האָט אויסגעברענט;

און כ׳בין אין טיפער פינצטערניש געהילט, —
געבליבן זיצן ווי ארײַנגערעמט
אין פענצטער פון־דער־נאַכט, און בלויז געפילט,
אז אין פארשעמונג — ברענט אויף מיר דאָס העמד.

# געזאנג צו מײַן ליבסטיקן שאָטן

## א

עס שלאָגט פון איר שכרות־געטראַנק פונדעריקיל,
עס שלאָגט פון איר ווײַן פון פאַרנונפט און געפיל,
עס שלאָגט פון איר וווּנדערלעך זאַפטיק געמיש
פון שטאַרקס, וואָס מאַכט גלוּיִק, מאַכט יונג און מאַכט פריש.

איך ליב זי שוין לאַנג. נאָך פון דאַן, נאָך פון דאַן,
ווען ס'האָט נישט געהאַט זי געבונדן קיין מאַן,
און זי — נישט געווען איז נאָך קײנעמס קיין ווײַב,
וואָס האָט שוין אַרומגײַן די פרוכט פון איר לײַב:

א קינד אַזאַ העלס, אַזאַ ליכטיקס, ווי זי —
די בלאָנדע, די זון־בלום אין פולן צעבלי,
די מײדלשע מאַמע, וואָס דורשט נאָך און שעפּט,
און איז נאָך אַלײן ווי א קוואַל, וואָס באַלעבט.

ב

ביסט די זון,
און איך — די ערד,
וואָס דרייט זיך אָן אויפהער
אין קרייז אַרום דיר,
און ציטערט —
פאַר יעדן דיין מינדסטן באַריר.

ווי ערד — דאַרף איך זון,
דאַרף איך וואַרעמקייט, ליכט,
וואָס שלאָגט פון די אויגן ביי דיר,
פון געזיכט,
און — ברעכט אין מיר ס'אייז,
און לאָזט קריעות אין גאנג,
און רעגט,
און באַוועגט
צו געדאַנק
און געזאַנג.

תל־אביב, 1944

ג

מיין ליבע צו דיר, איז געוואקסן מיט מיר,
און מיט מיר זיך געעלטערט,
געשטארקט זיך, געקרעפטיקט,
ווי ווײַן אויסגעשטאנען אין קעלטער;

און כ'בין פונעם ווײַן פון דער ליבע
בארוישט און פארשכורט —
צום ווײַנען פון שכרות,
און רײַסן דאָס הארץ זיך אויף שטיקער;

און כ'בין פון מײַן ליבע מײַן אלטער
נאָך אַלץ א באהערשטער,
און יונג, ווי כ'וואָלט איבערגעלעבט איצט
מײַן ליבע, מײַן ערשטער.

## ד

ביסט מיין ליכטיקער שאָטן, וואָס גייט מיט מיר מיט,
ווי עס גייט א באגלייט צו א טרויעריק ליד:
ס׳איז א ליד וועגן דיר, און מיין ליבע צו דיר,
ס׳איז א ליבע, וואָס שרייט פון די אויגן ביי מיר,
און פאַראַט, און דערציילט פאַר דער וועלט, אַז כ׳בין קראַנק
אויף א קרענק, וואָס מען היילט נאָר מיט ליבע־געטראַנק,
און די היילונג — ביסטו; דאָס געטראַנק איז ביי דיר,
און דער דורשט, וואָס איז גרויס ווי דאָס מדבר — ביי מיר.

תל־אביב, 1945

ה

בלייב נאָך א ביסל מיט מיר,
גיי נישט אוועק אזוי גיך,
ס'איז אזוי גוט מיר מיט דיר,
כ'וויל נישט איצט בלייבן מיט זיך.

כ'בין ווי אַ קינד איצט אַן אַלט —
פול מיט קאפריז און פארלאנג;
כ'בין ווי א קינד איצט, וואָס פאלט,
פאלט מיט די טריט פון פארגאנג.

בלייב נאָך א ביסל מיט מיר,
לאָז מיך נישט איצטער אליין,
ס'איז אזוי גוט מיר מיט דיר,
גוט, כאָטש כ'בין פול מיט געוויין;

פול מיט געוויין ווי א קינד,
פול מיט געוויין פון פאַרדראָס, —
ווילט זיך מיר וויינען אצינד,
וויינען, ווי אָן א פאַרוואָס.

ו

פונעם בלויזן געדאנק, אז עס איז מיר צו לעבן באַשערט
אונטער איין און דעם זעלביקן הימל מיט דיר,
און מיט דיר — אויף דער זעלביקער ערד;
פונעם בלויזן געדאַנק, אַז איך קאָן דיך באגעגענען ווען
אויף מיין איינזאמען, זייטיקן וועג, און — דיך זען —
ווערט מיר וואָרעם און גוט,
און עס ווילט זיך מיר אָנהייבן אַלץ פונדאָסניי,
און איך זאָג זיך אליין: ס׳איז כדאי, ס׳איז צו לעבן כדאי.

ז

טו אָפּ פון מיר דיין כּישוף,
און באַפריי מיך פון דיין בלענד,
און פון דיין כּישוף־ראָד, וואָס ברענט
מיט בלאָע פייערן.

ווי לאנג נאָך וועל איך ווי א בלינדער
זיך ארומדרייען אַרום דיין הויז,
און נישט געפינען דעם אַריין,
און נישט געפינען דעם אַרויס —
צוריק פון דיר?

ווי לאנג נאָך, וועט מיין יעדעס ליד צו דיר
צוריקקומען צו מיר
באַליידיקט און פאַרשעמט,
און פול מיט צער און טרויער, —
ווי אַן אָפּגעקומענער, אַ זינגער
הינטער צוגעמאכטע טיר און טויער.

זע, טו אָפּ פון מיר דיין כּישוף,
און באַפריי מיך פון דיין בלענד,
און פון דיין כּישוף־ראָד, וואָס ברענט
מיט בלאָע פייערן.

## ח

ס'איז מיין פייער פון ליבע, אינגאנצן אַריבער צו דיר —
ברענט דיין שוועל פון מיין יעדן באַטראַכט,
ברענט דיין טיר פון מיין יעדן באַריר,
שטייט אין פלאַמען פון ליבע — דיין הויז,
און — דו גייסט פון געפאר נישט אַרויס.

ביי דיר איז אויך פייער א שפיל —
ווייל אליין ביסטו פייער און פלאַם,
און דיך אַרט נישט אַ ליבע־געפיל,
וואָס איז דורשטיק נאָך ווין און טרינקט — סם,
און דיך אַרט נישט, וואָס עמעץ, ציינדט אונטער
מיט פייער פון ליבע — דיין הויז;
לאָזט די שטאָרן די שווערע ארונטער,
און — גייסט פון געפאר נישט אַרויס.

תל־אביב, 1946

## ט

פאַרביק, ווי אַ רעגן־בויגן,
דין־געוועביק, ווי אַ שלייער —
ציט מיך צו איר הויז, דאָס ליכט אירס —
ווי אַ שמעטערלינג צו פייער.

און איך דריי זיך אָן אַן אויפהער
אַרום איר און אירע וועגן,
און איך האַלט זי אין איין זוכן,
און אין איין אויף איר זיך פרעגן, —

ווי שולמית האָט אויף שלמה׳ן
זיך געפרעגט ביינאכט, די וועכטער,
און זיי האָבן זי, ווי איצטער
מיך — באַגעגנט מיט געלעכטער:

— דיין שולמית איז נישט דיינע,
וועט דיר קיינמאָל נישט געהערן,
ס׳איז אומזיסט — פאַר איר דאָס קניען,
ס׳איז אומזיסט — פאַר איר דאָס שווערן,

און אומזיסט — פאַר איר דאָס זינגען
דאָס געזאנג פון די געזאנגען;

ס׳איז קיין איינציק ליבע־ליד דיין,
ביז צום האַרץ איר נישט דערגאַנגען.

— דיין שולמית לאַכט ווי לילית,
לאַכט פון דיינע ליבע־ווייען;
זע, פון כישוף־ראָד פון אירן
גיכער זיך אַרויסצודרייען.

אָבער — רעגן־בויגן־פאַרביק,
דין־געוועביק ווי אַ שלייער —
ציט מיך צו איר הויז, דאָס ליכט אירס, —
ווי אַ שמעטערלינג צו פייער.

## י

ס׳האָט פאַרפּלייצט מיך דאָס געפיל צו דיר, וואָס קאָן אַ פעלז צעטראָגן,
ווי אַ קוואַל, וואָס זוכט אַן אויסגאַנג, און עס הערט נישט אויף צו שלאָגן,
רק, ער רייסט זיך, רק, ער שפּאַרט זיך, אומגעשטערט צו קאָנען פליסן,
און זיך ערגעץ מיט א צווייטן קוואַל אַזאַ, צוזאמענגיסן.

ס׳האָט פאַרפּלייצט מיך דאָס געפיל צו דיר, וואָס קאָן אַ פעלז צעטראָגן,
קאָן אַדורכשלאָגן גראַניט, נאָר — צו דיין האַרץ, זיך נישט דערשלאָגן;
ביסט א שווימענדיקער אייז־באַרג, אויף די כוואַליעס, אויף די בלאָע
פון מיין ים צו דיר מיט ליבע, וואָס מאַכט קליין מיך, פון הכנעה.

# יא

זינג עפּעס, זינג, איך האָב ליב דיין געזאַנג,
מיט דיין גליאיקער שטים, און מעטאַלענעם קלאַנג,
וואָס איז ריין ווי דער אמת, וואָס ווייבט ווי אַ קינד,
און דערמאָנט אָן אַ כוח, וואָס וועקט און וואָס צינדט.

זינג עפּעס, זינג, איך האָב ליב דיין געזאנג
און כ׳בין גרייט דיך באַגלייטן און מיטגיין דיין גאַנג,
וואָס איז אויכעט געזאַנג און איז הערן כדאי,
ווייל עס אָטעמט מיט בענקשאפט און קאַמף פאַר דער פריי.

## יב

צו וואָס דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פאַר מיר ? —
איך וועל דיך אומעטום געפינען.
איך דערפיל דיך, ווי דער יעגער־הונט — דעם קרבן...

כ׳זע דיך, ווען און ווו איך וויל,
אַפילו אָן אַ פייגן־בלאַט, —
כאָטש בישט אנטפלעקט האָסטו פאר מיר דיין נאקעטקייט.

איך הער דיך אויכעט ווען דו שווייגסט
און ביסט פאַרטאָן אין זיך —
ווי ס׳איז פאַרטאָן אַן עמער אין אַ ברונעם.

כ׳קען דיך מער ווי זיך אַליין,
עס גיט דיך אויס פאַר מיר
דיין יעדער קער און ריר, דיין יעדער בליק.

פאַר מיר ביסטו א בוך,
אַ לידער־בוך, וואָס כ׳ליין אויף אויסנווייניק.
צו וואָס, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פאַר מיר ?...

## יג

באַפּעל, און — כ׳וועל דערפילן.
זאָג דיין ווילן און — כ׳וועל ווייזן וואונדער.
ס׳טרעפט אַ ליבע אָט אַזאַ ווי מיין —
אַמאָל אין אַ יאָר־הונדערט.

ס׳קאָן א ליבע אָט אזא,
נאָר אויסגעטראַכט, נאָר אויסגעחלומט ווערן,
ווען מ׳איז ווייט פון ערדישן —
ווי ווייט עס זענען פון דער ערד, די שטערן.

„ווערטערס ליידן״ זענען קינדיש־קליין —
אַנטקעגן מיינע;
אויפצווזינגען דיר מיין אַזראַ־ליבע —
דאַרף מען זיין אַ היינע.

## יד

אַז מען קאָן אַזוי ליבן ווי איך האָב דיך ליב,
אַז מען קאָן צוליב דיר אַזוי ליידן, ווי איך —
איז מען יונג, ווען אפילו מען האָט הינטער זיך
שוין, דאָס טרויריקע לעבן דאָס שווערע — ווי איך;

איז מען יונג, ווען אפילו עס זילבערט פון קאָפּ
ווי ביי מיר — דאָס געוועב פון שפּעט־זומער אַראָפּ,
און דער שטערן צעאַקערט איז טיף, ווי אַ פעלד
אונטער וואָלקנס, וואָס הענגען מיט דורכשיין צעהעלט.

אַז מען קאָן אַזוי ליבן, ווי איך האָב דיך ליב,
און ווי איך — פאַר דער ליבע זיך מקרב־צו־זיין —
איז די עלטער, א גוט־אויסגעשטאַנענער וויין,
וואָס איז קרעפטיק און שטאַרק, ווי אַ שכרות־געטראַנק,
און דערמאָנט מיט דער פאַרב, אָן אַ זון־אונטערגאַנג.

## טו

אַ כוס פֿאַר איר, פֿאַר דער וואָס איז נישטאָ,
און ס׳זעט זי דאָ נישט קיינער, אויסער מיר;
איך טרינק פֿון אירע אויגן איצט, דאָס בלאָ,
איך טרינק דעם הייסן אָטעם איצט, פֿון איר.

— לחיים דיר, בלאָ־אויגיקע דו מיין!
— לחיים דיר, גאָלד־האָריקע, דו רייך,
וואָס ציסט צו זיך אין כישוף־ראָד אריין,
ווי ס׳ציט א גאָלד־צעכוואַליעט פֿעלד מיט ווייץ.

— לחיים! — הויב איך אויף פֿאַר דיר דעם כוס,
וואָס אָנגעגאָסן האָב איך ביז צום ראַנד;
ווען וואָלסט געזען — געוווסט וואָלסטו פֿאַרוואָס
עס ציטערט מיר דער כוס אַצינד אין האַנט.

איך טרינק נישט; דאָס פֿאַרטרינק איך נאָר אזוי
דאָס לעבן מיינס אין טרויריקסטן פֿארלויף;
כ׳פֿאַרטרינק איצט אייבעט אייבעט דיך, מיין זיסע ווייַ,
וואָס נאָגט און עסט ווי סם דאָס האַרץ מיר אויף.

— לחיים דיר, אומשולדיקע דו מיין,
ביי וועמען כ׳בין נישט מער ווי אַ פּאָעט,
וואָס חלומט וועגן ווייב, געזאַנג און וויין,
און שטילט דעם דורשט און הונגער נישט, צו זעט.

## טז

ביסט געוואָרן די אַקס פון מיין וועלט,
און אַלץ דרייט זיך ביי מיר, אַרום דיר,
אַלץ באַלייכט איך, מאַך קלאָר זיך און העל —
מיט דיין פאַרביקן ליכט־שעמעריר.

ביסט געוואָרן מיין הימל און ערד,
און דאָס רייך פונעם וווּנדער און סוד,
וואָס אַנטפּלעקט ווערט, און — ווייט נישט דערקלערט —
ווי דאָס פּאָרכטיקע גלויבן אין גאָט.

ביסט געוואָרן מיין בליץ פון געדאַנק,
מיין געפיל, וואָס איז קוועליק און ריין;
ביסט געוואָרן מיין איינציק געזאַנג,
און מיין לעבן, וואָס האַלט ביים פאַרגיין.

## יז

וויפל האָב איך וועגן דיר געזונגען און דערציילט,
מיטן צער פון ליבן דיך —זיך מיט דער וועלט געטיילט, —
איז נאָך אַלץ נישט גרינגער מיר געוואָרן פון דער לאַסט,
פון דער ליבע מיינער, וועלכע איז ביי דיר פאַרהאַסט,
ווייל זי פאַלט אויף דיר צו שווער, צו גרויס איז זי פאַר דיר,
און זי מאַכט דיך אומזיכער, און אומרואיק מיט מיר.

## יח

ווי יעדער און אַלץ, וואָס איך האָב ווען געהאַלטן פאַר הייליק, —
אַזוי האָסטו אויכעט אין טרויער אין מיינעם א חלק,
אַזוי האָסטו אויכעט א טייל אין מיין גרויסער אנטוישונג, —
אַפילו, ווען כ'זינג און באַזינג דיך אין ליבע־באַרוישונג.

זיי מוחל מיין ביטערן אמת, וואָס שווער איז צו הערן,
ווייל ווייטאָגלעך איז ער, ווייל טרויעריק איז ער, ביז טרערן,
וואָס איך האָב געזעןן צוליב אים, אויפגעגאנגענע שיינען,
ווי שטערן — ביי דיר אין די טיף־בלאָע אויגן אין דיינע.

זיי מוחל, מיין ביטערן אמת — ווי איך בין דיר מוחל,
דיר מוחל דאָס שלעכטס — פאַר אַ וואַרעמען בליק, פאַר אַ שמייכל,
פאַר הערן אַמאָל אַזאַ וואָרט, וואָס דערפרייט, וואָס מאַכט האָפן
און גלויבן, אַז כ'האָב מיט דער פייל פון דער ליבע — געטראָפן.

## יט

האַלט מיך פאַרן אָרעם; האַלט מיך פאַר דער האַנט;
ביסט מיין לעצטער אָנהאַלט, ביי דעם שוואַרצן ראַנד;
ביסט די לעצטע טרייסט מיר; ביסט מיין לעצטע שיין,
וואָס באַלייכט די טריט מיר, אויף מיין וועג פון פיין.

„וויאַ דאָלאָראָזאַ" — הייסט מיין שווערער וועג,
איבער וועלכן כ'גיי איצט פון מיין לעצט געשלעג
פאַר אַ ביסל לעבן; פאַר אַ ביסל פרייד;
פאַר אַ ביסל ליבע, וואָס איך דאַרף ווי ברויט.

ביסט מיין לעצטע ליבע; ביסט מיין לעצט געזאַנג;
ביסט מיין לעצטער אויפפלאַם פון אַן אונטערגאַנג,
ווי אַ זונען־בלוט־שטורץ איבער ברעג און ראַנד.
האַלט מיך פאַרן אָרעם; האַלט מיך פאַר דער האַנט.

## כ

ווען איך אויפהערן צו זינגען וועגן דיר —
וועט עס זיין דער טויט פון מיין געזאַנג:
דאָס קינד פון מיין געפיל און מיין געדאַנק.

ווען איך אויפהערן צו זינגען וועגן דיר —
וועט עס זיין דער טויט פון א פּאָעט,
וואָס האָט דורך דיר — געהאָט צו גאָט גערעדט.

תל־אביב 1947

## כא

דו, און דו, אָן אויפהער — דו,
און — לאָזט מיך נישט צו רו
שוין יאָרן לאנג;
שוין יאָרן ווי דו וווינסט אין הארץ ביי מיר,
און לעבסט אין מיין געדאַנק,
וואָס דרייט זיך, קרייזט און פלאטערט אַרום דיר,
ווי אין אַ קעלט — אַ פרירנדיקע טויב,
וואָס קלאַפּט מיט אירע פליגל אין אַ טיר,
און שלאָגט זיי אָן, אָן א פאַרהויכטער שויב.

שוין יאָרן לאַנג אַזוי:
נאָר, דו, און דו,
און לאָזט קיין טאָג מיך נישט,
און לאָזט קיין נאַכט מיך נישט צו רו.

## כב

ביסט מײַן לעצטער גלויבן, וואָס כ׳פאַרליר,
און דאָס ליד דאָס דאָזיקע צו דיר —
איז אוודאי ס׳לעצטע, וואָס איך זינג,
ס׳לעצטע פון אַ ליבע־לידער־רינג.

אפשר ביסטו אומשולדיק־גערעכט,
נאָר עס שטייט איצט אויף אין מיר דײַן קנעכט, —
דער, וואָס האָט מיט ליבע דיר געדינט,
און פאַר דיר געזונגען אויפן ווינט.

תל־אביב 1948

## כג

אין יענעם טאָג, ווען כ׳וועל זיך אָפּרייסן פֿון דיר,
ווי ס׳רייסט זיך אָפּ אַ פּרוכט פֿון בוים, און פֿאַלט —
אין יענעם טאָג, וועל איך דערזעען זיך,
ווי אין א גרויסן אָפּגעבערענטן וואַלד,
וואָס איז געשטאַנען אונטער פייער פֿון אַ שלאַכט,
און איז אַרויס פֿון אים פֿאַרקוילט און שוואַרץ,
ווי ס׳וואָלט באַפֿאַלן אים אין מיטן טאָג — די נאַכט.

אין יענעם טאָג, ווען כ׳וועל זיך אָפּרייסן פֿון דיר,
ווי ס׳רייסט זיך פֿונעם ברעג אַ שיפֿל אָפּ, —
אין יענעם טאָג, וועט מיר פֿאַרלוירן־גיין
דער לעצטער גלויבן וואָס איך האָב.

## כד

איך אָטעם נאָך מיט דיר,
ווי ס'אָטעמט נאָך אַ פּייער־באַרג, אַ קראַטער,
וואָס האָט אויסגעשפּיגן שוין זיין לאַווע,
און ער רויכערט, רויכערט בלויז
אַ מידער און אַ מאַטער,
און ער הויכט פון זיך שוין אויס
דאָס לעצטע ביסל גלי און זשאַר,
און דראָט שוין מער נישט,
דראָט נישט מער, מיט אויפרייס און געפאַר.

## כה

עס וועט אַמאָל אַזוי געשען,
אַז אומדערוואַרט און אומגעריכט —
וועל איך פֿאַר דיר ווי אויפֿגיין
אין אַ קיינמאָל נישט געזעען ליכט,
אַ ליכט אַזאַ ווי פֿון אַ זון־פֿאַרגאַנג, —
ווען ס׳גוססט, גוססט לאַנג
דער טאָג, וואָס קאָן נישט שטאַרבן,
און ער צינדט דעם אָוונט־הימל־זוים
מיט רויט, ווי בלוט פֿון אַ צעזעצטן שאַרבן.

וועסטו זען מיך אין אַ ליכט אַזאַ
פֿון אויפֿגיין פֿאַרן אויסגיין און נישט ווערן, —
וועלן זיך אין דיינע הימל־אויגן —
ווי די שטערן — צינדן טרערן
פֿון אַן איבערלעבונג,
וואָס מאַכט פֿול מיט טרויער פֿון באַדויער,
און מיט הייסער תּפֿילה אויף פֿאַרגעבונג.

תל־אביב, 1949

# א בריוו צו פרוי

וואַנזיניק־געליבטע פרוי!
זייט מוחל מיר, וואָס כ׳קום אייך ווידער שטערן אייער רו,
וואָס כ׳קום איצט ווידער זיך אַרייַנרייַסן
אין אייער שטיל און פרידלעך לעבן.

גלויבט, אַז כ׳טו עס נישט ווייל כ׳וויל אַזוי, נאָר מוז, —
ווי ס׳מוז דער ווינט דער אָנגעלאָדענער מיט שטורעם —
רייַסן טירן, ברעכן לאָדן און אַרייַן,
אַרייַן אַהין, וווּ ס׳איז פאַרמאַכט פאַר ווינט און הינט.

וואָס כ׳וויל פון אייך, איז: הערן מיך, נאָר אויסהערן.
מיר ווילט זיך אַלץ נאָך זאָגן אייך אַזוינס,
וואָס כ׳האָב צוריק מיט יאָרן אָנגעהויבן,
אָנגעהויבן — נישט צום ענדיקן —
ווייל גרויס געוועזן און גרויס געבליבן
איז צו אייך מייַן ליבע — ווי דער ים,
וואָס וואַרפט פון צייַט צו צייַט פון זייַנע טיפענישן
ס׳אָפּגרונטיקע ווילד־געוויקס,
און נישט די פּערל...

וויפל האָב איך שוין אויף אַלע סקאַלעס טענער
לידער אייך געזונגען,
און צו אייך זיך נישט דערזונגען!

ווייל האָב איך שוין פון נישט דערעדן זיך צו אייך —
דערשעפּט פאַר אייך געשוויגן,
מיט דער שווערקייט פון אַ שטיין,
אַ פעלזן־שטיין, וואָס הענגט ווי אויף אַ האָר
און דראָט מיט אָפּריס...

ברעך איך אויס פון צייט צו צייט אַנטקעגן אייך,
רייס אויף מיט פייער פון אַ פייער־באַרג,
וואָס איז שוין לאַנג ווי אויסגעשפּיגן, טויט,
און הייבט אויפסניי אָן שפּייען גלי און זשאַר.

אַזאַ איז זי געווען צו אייך, מיין ליבע,
און אַזאַ — געבליבן;
יאָרן שוין, ווי זי פאַרפאָלגט אייך, גייט אייך נאָך
דעם שאָטן־גאַנג פון קנעכט,
וואָס זענען הינטיש טריי,
און קאָנען הינטיש אויסגיין פון געטריישאַפט.

יאָ, כ׳בין וואַנזיניק פאַרליבט אין אייך ביז שנאה,
פאַר דער גלייכגילט אייערער,
וואָס קומט מיר קאַלט אַנטקעגן,
ווי אַ שווימענדיקער אייז־באַרג.

כ׳ווייס פון לאַנג שוין, אַז ס׳וועט אַנדערש ווי עס איז — נישט זיין,
אַז כ׳וועל פאַר מיין משוגע ליב־האָבן —

מיט אייער חסד — בלייבן אייער הויז־פּריינט,
ביי אַ גלעזל טיי, צי ביי אַ מאָלצייט,
ווי אַן אורח, אָדער ווי אַ ווייטער קרוב...

כ'ווייס עס, כ'ווייס, און בין אייך אָפטמאָל דאַנקבאַר,
דאַנקבאַר אויך דערפאַר —
כאָטש אַלץ אין מיר איז אָפטמאָל קעגן אייך —
מיט אייער ליכט און וואַרעמקייט,
וואָס ציט מיך ווי אַ שמעטערלינג אַריין צו אייך,
און לאָזט מיט אָפּגעזענקטע פליגל מיך אַרויס,
צוריק ארויס, אין קלעם פון בלינדער נאַכט.

זייט מוחל מיר, אויב כ'האָב אייך וויי־געטאָן,
נישט איינמאָל וויי־געטאָן מיט רייד מיט ביטערע,
ווי מאַנדלען פון אַ ווילדן מאַנדל־בוים,
און שטעכיקע, ווי קאַקטוסן,
וואָס גיבן זייער פרוכט — דער אָרעמשאַפט,

זייט מוחל מיר —
כאָטש ס'פאַלט אויף מיר דער מינדסטער שאָטן נישט
פון זינד, אַנטקעגן אייך ;
כאָטש אָפּגעהיטן האָב איך דעם פאַרבאָט
צו רייסן פון דער פרוכט פון אייער סאָד, —
ווי ס'האָבן זיי געריסן אַנדערע —
געריסן זיי אָן ליבע, אָן פאַרבאָט,
פאַר נישט געצוימטער גלוסטונג.

נאָכאַמאָל — זייט מוחל מיר פאַר זאָגן אייך,
וואָס איר האָט דאָ געהערט אין מיינע שורות,
שורות פון אַ שוואַנען־ליד פון ליבע,
פון אַ ליבע, וואָס מען ליבט נישט צוויי מאָל,
און דערצו — ווען ס׳זילבערן די האָר שוין...

דאָס איז אַלץ, און — ווייט נישט אַלץ,
וואָס כ׳האָב געוואָלט אייך זאָגן, —
אין באַדויער פאַר דער צייט,
וואָס כ׳האָב געלאָזט ביי אייך פאַרלוירן־גיין
אין ווערט פון פינפצן פרילינגס גאָלד,
וואָס איר, צעביטן האָט עס מיר אויף בליי...

איך ענדיק שוין.
די זון איז ווייט שוין הינטער מיר.
די פייגל הייבן זיך שוין הויך נישט אויף,
נאָר האַלטן זיך מיט פלאַטערדיקן אומרו
נאָענט פון דער ערד,
און נאָענט פון דער נעסט פון שוץ און רו.

די לעצטע שורות שרייב איך שוין —
מיט אויגן, ווי פאַרלאָפענע מיט בלוט
פון טיפער שקיעה.

א גוטע נאכט! א גוטע נאכט אייך! —
וואַנזיניק־געליבטע פרוי.

תל־אביב, 1950

## מיינע קינדער־ליבעס *)

דערמאָנענדיק אין מער־צאָל מיינע קינדער־ליבעס, וויל איך קודם־כל באַמערקן, אַז צוליב מיין פרי־אַנטוויקלט עסטעטיש און אפשר אויך עראָטיש געפיל — איז מיר יעדעס מיידעלע אין מיין עלטער, אויב עס איז נאָר געווען אַ שיינס און אַ ריינס — געפעלן, און כ'האָב געזוכט איר געזעלשאַפט...

נישט אַלע מיינע קינדער־ליבעס געדענק איך. אין מיין זכרון האָבן זיך אויפגעהאַלטן נאָר יענע „ליבעס", וואָס זענען אויפגעגאַנגען אין מיר, ווי מיינע ערשטע אומרייפע לידער, וואָס האָבן מיך אָנגעפילט מיט אומפאַרשטענדלעכער פרייד און אומרו, ווי פון אַ ליידנשאַפט און שלעכטער געוווינהייט מיט וועלכער מען דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז נישט איינע פון מיינע קליינע ליבע־אָביעקטן, וועמען ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז כ'בין צו איר גלייכגילטיק, האָט פונקט ווי עס טוט עס אַ דערוואַקסענע, רייפע און ראַפינירטע פרוי — באַמיט זיך צו רייצן מיך מיט איר אָנוועזנהייט; און אָנגע־ווענדט אָפטמאָל אַזעלכע מיטלען, וואָס האָבן מיך, דעם „גבר" געמאַכט רויט פון בושה...

געווען זענען עס על־פּי־רוב שול־מיידלעך אין עלטער פון צען ביז פערצן יאָר.

די ערשטע, וואָס האָט מיך אַריינגעכאַפּט אין איר כישוף־רייף נאָך וועלכער זי אַליין האָט זיך נאָך שפּילנדיק געיאָגט, איז געווען אַן אַכט־יעריק מיידעלע פון איין הויף מיט מיר. געווען איז עס אַ בלאָנדס, אַ גאָלדנס, מיט אַ רונד פּוכקע פּנימ'ל, און מיט טיפע בלאָע אייגעלעך, ווי ביי אַ ליאַלקע, וואָס האַלט זיי אָפן ווען זי שטייט, און פאַרמאַכט זיי — ווען מען לייגט זי אַנידער...

מיט וואָס איך בין דעם מיידעלע געפעלן — ווייס איך נישט. מעג־

---

*) „ראָמאַנטישע יאָרן" און „מיינע קינדער־ליבעס" געהערן צו מיין נישט־פאַרעפנטלעכט בוך אויטאָביאָגראַפישע בלעטלעך.

**דער מחבר**

לעך, אַז צוליב מיין צוריקהאַלטן זיך פון שפּילן זיך מיט יעדן איינעם, און אין אַזעלכע שפּילערייען, וואָס פּלעגן זיך על־פּי־רוב ענדיקן מיט „שאַדוינעס" און אָנקלאָגעס, און מיט צושטעלן א „בענקעלע" פאַר טאַטע־מאַמע.

אויך זי, מיין קליינע „דולצינעיע", האָט זיך נישט געשפּילט מיט יעדן און אין אַלץ. געוועזן ווי איך אַ שטילע צושויערן צו אַלע טומלענ־דיקע שפּילערייען און — געטרויט מיר דערפאַר איר הילצערנע לייכטע „כישוף־רייף", איך זאָל זיך דערמיט דורכלויפן אַ ביסל איבערן טראָ־טואַר, אָדער זי פלעגט מיך איינלאַדן שפּילן זיך מיט איר אין דער ספּע־ציפיש־מיידלערישער שפּיל: אין „קלאַס", צו וואָס מען האָט געדאַרפט קאָנען פלינק ווי זי; היפּען און שפּרינגען ווי א פייגעלע, און דאָס: אויף איין פוס, פון איין געצייכנט קעסטל אין אַנדערן, נישט טאָרנדיק דערביי אַרויפטרעטן אויף דער אָנגעצייכנטער ליניע. פאַר דער דאָזי־קער שפּיל, צו וועלכער כ'בין געווען נישט איבעריק פלינק און רירעוו־דיק, און דערמיט אַרויסגערופן גרויס געלעכטער ביי מיין פאַרטנערקע — האָב איך זיך רעוואַנזשירט מיט איר אין „אַרדע־שאַרדע־באַרדע", און זי ווידער קעגן מיר: אין „סטרולקעס".

איינמאָל, נאָך דעם ווי מיר האָבן אין טויער פון אונדזער הויף, אויסגעשפּילט זיך אין אַלע שפּילערייען, וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט, און געבליבן זיצן ווי אָן אַ תכלית, האָב איך זי אַ פרעג־געטאָן: אין וואָס שפּילן מיר זיך איצט?

— אין „חתן־כלה" — האָט זי נישט לאַנג טראַכטנדיק אומשולדיק געענטפערט.

— ווי אַזוי? — האָב איך זי געפרעגט מיט דער זעלבער אומשולד.

זי האָט אויפגעהויבן קעגן מיר אירע הענטלעך, זיי אַרויפגעלייגט אויף מיינע קליינע אַקסלען, און לאַנגזאַם צופאַלנדיק צו מיר — אַ קוש־געטאָן מיר גלייך אין די ליפּן און אַזוי, לאַנגזאַם — אויסגעגלייכט זיך, און געוואַרט איך זאָל נאָכטאָן דאָס זעלבע. אין מיטן דער דאָזיקער שפּיל אין „חתן־כלה", האָט זיך אָבער אומגעריכט אָן עפן־געטאָן די טיר ביי וועלכער מיר זענען געזעסן, און אַ פרוי האָט דערזעענדיק

אונדזער ליבע־סצענע, אַ פּלעסק־געטאַן מיט די הענט, און אַזאַ היס־טערישן קוויטש־געטאַן: זעטס נאַר, זעטס! — אַז מיר, חתן־כלה, האָבן מער איבערגעשראָקענע ווי פאַרשעמטע — זיך אַ ריס־געטאַן פונעם אָרט, און ווי צוויי פייגל — זיך צעלאָפן, יעדער אין אַן אַנדער זייט.

נאָך דער דאָזיקער חתן־כלה־שפּיל, האָב איך זי נישט געזען אַ סך טעג. אַז זי האָט זיך ווידער באַוויזן אינדרויסן, האָט זי זיך קעגן איר ווילן געהאַלטן ווייט פון מיר, און מיין ליבע צו איר איז אַזוי אַרום בּיסלעכווייז אויסגעלאָשן־געוואָרן.

מיין צווייטע „בעאַטריטשע", איז ווי די ערשטע, אויך געווען פון איין הויף און פון איין הויז, און אפילו פון אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר פון מיין היים.

געווען איז עס אַ ניין־יעריק ברונעטקעלע מיט אַ קעפּל געדיכטע האָר, פאַרפלאָכטן אין צוויי גראָבע צעפּלעך, וואָס זענען איר ווי הבד־לה־ליכטלעך שטענדיק געלעגן אויף די קליינע שולטערן פון פאַרנט און איינגערעמט אַ קלוג חנ׳עוודיק פּנימ׳ל, וואָס האָט עדות־געזאָגט אויף גוטע דערציאונג.

צוליב דעם וואָס די מאַמע פונעם דאָזיקן מיידעלע איז געווען מיין מאַמעס בעסטע שכנה, פלעגט זי, די ניין־יעריקע געליבטע מיינע, זיך געפינען מער ביי מיר אינדערהיים, ווי ביי זיך אינדערהיים, און פאַר־נעמען זיך מיט מיר, אָדער איך מיט איר, ווי קינדער פון דעם עלטער קאָנען פאַרנעמען און פאַראינטערעסירן איינס דאָס אַנדערע. די אָפטע קעגנזייטיקע באַזוכן אונדזערע, האָבן אונדז געבּרענגט צו דער געוווינ־הייט, נישט צו קאָנען זיין איינער אָן אַדערן, און נישט צו גיין אַ וועלכן ס׳איז גאַנג — אויב דער צווייטער וועט נישט מיטגיין. די דאָזיקע קעגנזייטיקע צוגעבונדנקייט, וואָס האָט ביי אונדז אָנגעהאַלטן ביז אירע עלטערן האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון דער דירה, איז נישט איינ־מאָל געווען דאָס געשפּרעך און דער צוויי־דייטיקער שפּאַס צווישן איר און מיין מאַמען; אַ שפּאַס פון וואָס מיר האָבן גאַנץ ווייניק און אפשר גאָרנישט פאַרשטאַנען, און פונדעסטוועגן — פאַרשעמט־ווערן פון אים, ביז נישט צו קאָנען זיך בעת־מעשה קוקן אין די אומשולדיקע אויגן...

דאָס אומגעוויינטלעכסטע אין אונדזער „ליבע״ איז געווען דאָס, וואָס מיין „געליבטע״ פלעגט מיך אָפטמאָל באַזוכן אין אַזאַ שעה, וואָס איז נישט אַלע מאָל באַקוועם אַפילו פאַר קינדער: באַלד אין־דער־פרי, ווען כ׳בין נאָך געלעגן אין בעט און געשלאָפן. פון די דאָזיקע מאָרגן־וויזיטן אויף וועלכע זי האָט זיך ווי בגנבה אַריינגעשאַרט, האָב איך זיך דערוווסט איינמאָל בעת כ׳האָב געעפנט די אויגן און זי געזען זיצן אויפן ראַנד פון מיין בעטל, ווו איך בין געלעגן אַן אָפּגעדעקטער ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט... ווי אַ גרויסער האָב איך זיך אַ כאַפּ־געטאָן פאַר דער קאָלדרע, און מיין „געליבטע״ האָט זיך ווי פאַרשולדיקט, נישט באַמערקט־צו־ווערן, אַרויסגעכאַפּט פון צימער.

די אמת׳ע „לילית״ איז אָבער געווען דאָס שוועסטערל פון מיינע דריי חברים׳לעך, ברידערל׳עך, וואָס האָבן געהאַט פאַר מיר גרויס דרך־ארץ, און מיך פאַרערט פאַר מיינע אויסגעטראַכטע מעשה׳לעך.

געווען איז דאָס מיידעלע אַ ברונעטס, אַ שלאַנקס, מיט אַ לענגלעך פנים, און מיט אַ לענגלעך נעזל, און לענגלעכע לעבעדיקע, קלוגע אויגן, וואָס האָבן שוין פאַרמאָגט דעם גלאַנץ פון נייגיר און דורשט נאָך עראָטישע סצענעס און רייצונגען, און געקוקט דערפאַר — דאָרט ווו זי האָט נאָך נישט געדאַרפט קוקן, און געזען — דאָס, וואָס זי האָט נאָך נישט געדאַרפט זען.

דאָס דאָזיקע צוועלף־יעריקע מיידעלע האָט ווי אַ דערוואַקסענע נישט איינמאָל ספּעציעל געשאַפן פאַר מיר די געלעגנהייט צו בלייבן מיט איר אַליין, כדי צו קאָנען מיך אומגעשטערט קושן און רייצן מיין פערצן־יעריקער „גבורות״.

מיט אַזעלכע און ענלעכע קינדיש־לייד נשאפטלעכע סצענעס, האָט דאָס ווייבלעכע מיידעלע מיך אַ לאַנגע צייט באַצוווּנגען און באַהערשט מיט ליבע, און ווי אַלע מיינע קינדער־ליבעס — אַוועקגענומען דאָס קעפּל מיינס פון די לערן־ביכלעך...

ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָבן זיך פון אַלע מיינע קינדער־ליבעס אויפגעהאַלטן אין זכרון, נאָר די דריי, וואָס זענען אַוודאי געווען די שענסטע און אינטערעסאַנטסטע עפּיזאָדן פון דער פּרעלודיע צו מיינע שפּעטערדיקע ראָמאַנטישע יאָרן.

# אינהאַלט:
## ראָמאַנטישע יאָרן

א



ב

ג



## מיינע קינדער-ליבעס